# די מאָדערנע אידישע שול

פון ל. לעהרער

פארלאג מאקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט, נ. י.
.1927

# אינהאַלט:

# הקדמה.

די וויכוחים אַרום דער אידיש־וועלטלעכער שול — סיי דאָ, סיי אויף יענער זייט ים — האָבן זיך תמיד פאַרנומען מיט די זעלביקע אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פראַגן וועגן וועלכע מען האָט זיך געהאַמפערט אַ סך פריער איידער די שול איז געבוירן געוואָרן. די נייע אינסטיטוציע האָט ווייזט אויס בלויז געדינט ווי אַן אָנרעגונג אַז די פאַרעלטערטע וויכוחים זאָלן זיך, ווי זיי שטייען און גייען, אַריבערטראָגן אויף דער שול־פלאַטפאָרם. און טאָמער האָט עמיצער יאָ פרובירט צו שאַפן אַ שטיקל דערציערישע אָריענטאַציע אין שייכות צום נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן פלאָנטער, אויף וויפיל זיי שפיגלען זיך אָפ אין דערציאונג, איז דאָס געטאָן געוואָרן לייכט, פראַגמענטאַריש, אַגיטאַציע־מעסיק. קיין לענגערע דורכגעטראַכטע אַרבעטן זענען וועגן דעם ענין ניטאָ, אַ חוץ יודל מאַרקס בוך „אינהייטלעכע פאָלקס־שול” — וואָס האָט בלויז אַ שייכות צום ליטוויש־אידישן שול־וועזן — און קאַזדאַנ׳ס אַרבעט „אידיש־וועלטלעכע שול און סאָציאַליסטישע שול” („די נייע שול” מערץ־יוני 1923), וואָס איז אייגנטלעך אַ ניט־פאַרענדיקטער אָנהייב.

די לאַגע איז איצט אַזאַ אַז ווען עמיצער זאָל זיך וועלן באַקענען מיט די טעאָרעטישע הנחות אויף וועלכע עס זענען געבויט די פאַרשידענע טיפן אידיש־וועלטלעכע שולן, וואָלט ער געהאַט זייער ווייניק מאַטעריאַל מיט וועלכן זיך צו באַנוצן, צום ערגסטן איז די לאַגע בנוגע דעם ריין־דערציערישן שטאַנדפונקט. דאָס איז דער שטאַנדפונקט וואָס האַלט אַז אַלע וויכוחים וועגן שולן פאַר קינדער זענען פאַרפירעריש סיידן זיי ווערן געפירט אויפ׳ן באָדן פון דער וויסנשאַפט פון קינדער־דערציאונג. ווען די שפראַך און די ליידנשאַפט פון אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען רייסן זיך אַריין אין פעלד פון דערציאונג מוזן זיי אָנטאָן שאָדן, כאָטש אין זיך אַליין קענען זיי אַנטהאַלטן זייער וויכטיקע אמת׳ן. דער דאָזיקער שטאַנדפונקט וואָס ווערט, זינט רוסאָ׳ן, זייער וואַרעם פאַרטיידיקט פון אַלע פראָגרעסיווע דערציער אין דער וועלט, קלינגט נאָך אין אונזערע אויערן פרעמד, ווייט און אַבסטראַקט.

און גראָד דער דאָזיקער שטאַנדפונקט, וואָס פאָדערט אַ גאַנץ באַזונדערע אָנשטרענגונג כדי אים אַרויסצוברענגען פאַר אונזער עולם, האָט

זייער ווינציק וואָס געטאָן כדי זיך קלאָר צו מאַכן. דאָס דאָזיקע ביכל זוכט אײַגענטלאַך אויסצופילן אָט דעם חלל אין אונזער שול־ליטעראַטור. הלוואַי זאָלן מיר האָבן לענגערע אַרבעטן אויך פון אַנדערע שטאַנדפּונקטן, דאָס וואָלט געווען אַ גרויס געווינס פאַר אונזער גאַנצער באַוועגונג. דאָס וואָלט דעם זייטיקן מענטשן געגעבן אַ מעגלאַכקייט זיך גרינטלאַכער צו פאַרטיפן איבער דער גאַנצער פראַגע.

די ערשטע זעכצן קאַפּיטלען פון דעם בוך זיינען דערשינען, אין דער פאָרם פון ארטיקלען, אין דער „פרייער ארבעטער שטימע“ פון היינטיקן ווינטער. זיי ווערן אָבער אַלע דאָ געדרוקט מיט אַ סך ענדערונגען. איך האָב זיך ספּעציעל באַמיט ווי ווייט מעגלאַך צו באַזייטיקן דעם לייכט־פּאָלעמישן טאָן — דאָרט וואו עס קומט אויס צו דיסקוטירן מיט אַנדערע ריכטונגען — וואָס עס איז שווער אויסצומיידן אין פּאָפּולערע אַרטיקלען, וואָס טאָרן אָבער ניט פאַרנעמען קיין פּלאַץ אין אַ בוך.

איך האָב אויך בדעת געהאַט אין דער לעצטער, קאָנסטרוקטיווער טייל פונ׳ם בוך פעסטצושטעלן אַ טעאָרעטישן באַזיס פאַר דער נויטווענדיקער אַנטוויקלונג פון דער שול־פּראָגראַם פון דער מאָדערנער אידישער שול. דאָס וואָלט אונז געבראַכט זיך גרינטלאַכער צו פאַרטראַכטן איבער דעם עצם שאַפן פּראָגראַמען פאַר די שולן, וואָס טאָר ניט געלאָזן ווערן צו צופאַל אָדער איינפאַל. אָבער, ערשטנס, האָב איך געפילט אַז אַזאַ ענין וועט אונז צו ווייט פאַרפירן, און צווייטנס, וואָלט דאָס אונז געמוזט ברענגען צו אַזעלכע באַטראַכטונגען וואָס וואָלטן ניט געווען אין הסכם מיט׳ן פּאָפּולערן טאָן אין וועלכן דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן. איך וועל שוין דעריבער דאָס מוזן אָפּלייגן אויף אַן אַנדער געלעגנהייט.

לאָמיך דאָ אויסדריקן מיין דאַנק צו מיין ברודער, ליפּע לעהרער, פאַר איבערקוקן די קאָרעקטורן און פאַר זיינע עצות בנוגע פאַרשידענע ווערטער און אויסדרוקן פונ׳ם טעקסט.

ל. לעהרער.

ברוקלין, מאַי 1927.

1

# דער הינטערגרונט.

אין דער גאנצער געשיכטע פון דערציאונג באמערקן מיר אז א נייע פילאָזאָפיע, אָדער טעאָריע, איז תמיד געווען דער אָנ־זאָג פון א נייעם סדר אין דער דערציאונג און בילדונג פון אונזערע קינדער. דאָס הייסט בשום אופן ניט אז שול־רעפאָרמער זענען די וויכטיקסטע סבה פון רעפאָרמען אין די שולן. יעדער מענטש וואָס איז באקאנט מיט דער געשיכטע פון שול־דערציאונג וועט ניט וואגן גרינגצושעצן די וויכטיקייט פון סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סבות פון יעדער אָנגעזעענער פּעדאגאָגישער נייאיקייט. מיט איין וואָרט, די אַלע מיליאָנען פאקטאָרן וואָס מיר רופן אָן „דאָס ארומיקע לעבן" הערן קיינמאָל ניט אויף צו ווירקן אויף די אופנים ווי מיר דערציען אונזערע קינדער. אָבער אָט די ווירקונגען און איינפלוסן האָבן זיך תמיד אויסגעדריקט אין די געדאנקען און רייד פון א גרויסן שול־נביא, וואָס האָט גע־וועקט און געשטראָפט און געלערנט דאָס נייע וואָרט וועגן אונ־זערע התחייבות'ן צו די וואקסנדיקע דורות.

פלאטאָן און קווינטיליאַן, ראבעלעי און קאמעניוס, רוסאָ און פעסטאַלאָצי, קיין איינער פון זיי האָט ניט דערלעבט צו זען דאָס ליכט פון זיינע דערציערישע געדאנקען אין די שול־הייזער פון דער וועלט. אין דער אמת'ן איז גאָר ניטאָ קיין איינער פון די גרויסע שול־גייסטער וואָס מיר זענען אים קיין בעל חוב ניט געבליבן און קענען אים אפילו נאָך ביז'ן היינטיקן טאָג ניט באצאָלן. עס איז ניטאָ קיינער פון זיי וואָס זאָל ניט האָבן געזאָגט עפּעס אַזעל־כעס וואָס מיר האלטן פאר גרויס און מענטשלאַך־שיין, און דאָך קענען מיר עס אפילו מיט אונזערע איצטיקע מאָדערנע מיטלען

ניט דורכפירן. דער פאַרנעם פון דעם נביא'אישן געדאַנק איז צו גרויס פאַר אונזער שוואַכן בליק און קורצן אָטעם. דאָך קען מען לייכט אָנווייזן אין יעדער מאָדערנער שול אויף דער ירושה פון פריערדיקע דורות וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין די ווערק פון גרויסע לערער.

אביסל אַנדערש איז פאָרגעקומען די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אידישער שול. קיין גרויסער שול־רעפאָרמער האָט ניט אָנגעזאָגט איר קומען. די אידישע געשיכטע צייכנט זיך בכלל ניט אויס מיט קיין גרויסע דערציער וואָס האָבן געוועקט און באַ־איינפלוסט זייער דור. דאָס אַלטע חדר איז אַ פועל יוצא פון אַ לאַנגזאַמער, קוים־מערקבאַרער אַנטוויקלונג פון טויזנטער יאָרן. מיר ווייסן ניט פון קיין אינדיווידועלן כח וואָס איז געשטאַנען באַ זיין וויגל און גענערט זיין וואוקס. עס איז אַ ברייטע פאָלקס־שאַפונג, אַ שטיק פאָלק־לאָר וואָס איז מיט קיין ספעציעל מענטש־לאַכע נעמען ניט פאַרבונדן; וואָס האָט תמיד געצויגן זיין יניקה פון דער ארומיקער געזעלשאַפטלאַכער לופט, און האָט דעריבער אין זיין אַנטוויקלונג ניט געליטן אָדער גענאָסן פון וויכ־טיקע איבערקערענישן. און איצט — ווער האָט דען אָנגעזאָגט דעם סוף פון'ם חדר? ווער האָט אונז באַגייסטערט און צו־געגרייט אויפצונעמען די נייע אידישע שול, אַזוי ווי הערצל און ליבערמאַן האָבן עס געטאָן בנוגע ציוניזם און סאָציאַליזם?

אַ פאַרלאָזן פעלד איז די אידישע דערציאונג־אינסטיטוציע געוועזן. אין דער צייט ווען באַ אַלע ארומיקע פעלקער האָט זיך שוין קלאָר געהערט די שטים פון'ם קינד; ווען סיי איינצלנע גרויסע גייסטער, סיי גאַנצע מלוכות האָבן געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אַוועקצושטעלן שולן און שול־סיסטעמען מיט דער גאַנצער גייסטיקער און פיזישער רחבות אויף וועלכער זיי זענען פייאיק געוועזן; אין דער זעלביקער צייט איז באַ אונז אָט דער ענין געווען אַ שטיל פליסנדיק וואַסער. אַן ענין וואָס רוקט ניט ארויס קיין עגבערדיקע פראַגן, און זוכט ניט איינצושטעלן קיין אָנזעעוודיקע נייאיקייטן.

און די איצטיקע וועלטלאַכע שול אונזערע, איז אויך ניט

געבוירן געוואָרן ווייל מען האָט געוואָלט אויסבעסערן די חסרונות פונ׳ם חדר, אָדער ווייל מען האָט בכלל זיך באַמיט צו שאַפן גע־ וויסע נייאיקייטן אין שול־דערציאונג לויט די פּאָדערונגען פון אַ נייער אויפפאַסונג. ווייט, זייער ווייט פון ז׳עם. דער פּראָצעס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף אַ פיל פּשוט׳ערן אופן. זינט עס איז פאָרגעקומען דער טיפער ריס אין אידישן לעבן, האָט זיך באַ אונז, די היינטוועלטיקע, פּראָגרעסיווע און ניט־רעליגיעזע גרופּע, גע־ פילט ווי ארויסגעשטויסן פון דער דערציאונג־אינסטיטוציע אין אונזער וועלט. ווייל אָט די אינסטיטוציע איז דאָך אין גאַנצן גע־ לעגן אין די אָרטאָדאָקסישע הענט. מען דאַרף דאָך ניט פאַרגעסן, אַז ביז מיט גאָר אַ קורצער צייט צוריק האָט דאָך דער אָרטאָדאָק־ סישער קלאַס ארומגענומען כמעט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. הייסט עס, אַז פאַר דעם ניי־געשאַפענעם היינט־וועלטיקן קלאַס איז פּראָסט פּשוט ניט געווען קיין פּלאַץ וואו זיין קינד זאָל באַ־ וואוסטזיניק קענען אריינטרעטן אין דער קולטור־וועלט.

אָט דאָ ליגט אַ גרויסער חסרון פון דער מאָדערנער אידישער שול. מען גרייסט זיך באַ אונז אָפּטמאָל דערמיט, וואָס אונזער שול האָט קיין טראַדיציעס ניט, און ממילא קענען מיר אָפּגעבן אונזער מי אויף קאָנסטרוקטיווער ארבעט, אויף בויען, און דאַרפן קיין ברעקל ענערגיע ניט אוועקגעבן אויף ברעכן. עס איז דאָך פּשוט ניטאָ וואָס צו ברעכן. הינטער אונז איז דאָך אַ פּוסטער חלל. אין דעם איז בלי ספק פאַראַן לכל הפּחות אַ טייל־ווייזער אמת. מיר פאַרגעסן אָבער אַז צוזאַמען דערמיט פעלט אונז די טראַדיציע, די געוואוינהייט צו שאַצן און איבערשאַצן, צו זוכן און נישטערן און פאָרשן בעת מיר האָבן צו טאָן מיט׳ן שול־ וועזן. אמת, די דאָזיקע געוואוינהייט האָבן מיר שוין ביסלאַכווייז איבערגענומען פון די גוים און וועלן מיט דער צייט נאָך מער איבערנעמען. אָבער דאָך איז פאַר די ברייטערע קרייזן אונזערע דער דאָזיקער געדאַנק אַ שווערער, אַ פרעמדער.

די פאַרגליווערטקייט פונ׳ם חדר, דאָס חדר ווי אַ פּאַראַלי־ זירטער אבר וואָס הענגט עפּעס ווי אַ טויטער לונג־און־לעבער אויפ׳ן פאָלקס־קערפּער — און באַוועגט זיך בלויז אויף אַזוי פיל

אויף וויפיל דער צושטאנד פונ׳ם קערפּער איז מחייב — אָט דאָס איז אויך געוואָרן טראַדיציע. אָט די טראַדיציע — די אומ־גליקלאכסטע פון אַלע אומגליקלאכע טראַדיציעס — האָבן מיר גראָד יאָ איבערגענומען, און זענען נאָך פון איר אפילו ביז׳ן איצטיקן טאָג אינגאנצן ניט באפרייט געוואָרן. דאָרט וואו די שול פארנעמט ניט קיין באזונדערע אויטאָנאָמע פּאָזיציע אינ׳ם געזעלשאפטלאכן דענקען; דאָרט וואו זי ווערט ניט באדינט פון ספּעציעלע שאפנדיקע פערזענלאכקייטן פאר וועלכע די שול איז דער אויסגאנג־פונקט צו וועלט און לעבן און ניט פארקערט, דאָרט קען די אנטוויקלונג פון דער שול ניט אָנגיין מיט קיין פיל גרעסערן טעמפּ ווי, זאָגן מיר, בא א פרימיטיוון שבט, וואו עס עקזיס־טירט געוויינטלאך אָט אַזאַ צושטאנד.

אָבער די דערציאונג פון קינדער איז ניט קיין אָפּגעריסע־נע זאך, נאָר איז כסדר צונויפגעוואקסן מיט׳ן גאנצן געזעלשאפט־לאכן געוועב. קען מען דען דערין לייקענען? זיכער ניט. אָבער די שול איז דאָך ניט עפּעס א טייוולס אינזל וואוהין מען פאר־שיקט צעדרייטע נשמות וואָס קענען זיך מער ניט ארייננפּאסן אין דער וועלט? אַלץ אמת, דורכוים אמת. מיר דוכט אָבער, אז טייל מענטשן, וואָס שטרייכן אונטער דעם דאָזיקן פּונקט זעען ניט איין דעם געוואַלטיקן אונטערשיד צווישן דער הנחה: „בא־טראכטן די שול ווי א באזונדער ענין", און: „באטראכטן דאָס טראכטן פון דער שול ווי א באזונדער ענין". קיין שום בר־דעת וועט ניט זאָגן, אז מאטעמאטיק און פיזיק, למשל, זענען באזונ־דערע זאכן אין דער פּראקטישער, לעבעדיקער וועלט, אָבער פונ־דעסטוועגן קען מען דאָך פון דעם ניט דרינגען, אז אין אַן אוני־ווערזיטעט טאָר ניט זיין קיין באזונדער אָפּטיילונג פאר מאטע־מאטיק און א באזונדער פאר פיזיק. בכלל דער פאקט אז מיר האָבן באזונדערע וויסנשאפטן איז שוין מחייב א געוויסע אָפּגע־זונדערטקייט צווישן די ענינים וואָס זיי פאָרשן, אַן אָפּגעזונדערט־קייט וואָס איז אין דער ווירקלאכער וועלט ניטאָ. דאָס איז א מאָמענט וואָס האָט שוין געפירט צו א סך וויסנשאפטלאכע טעות׳ן, און מען דארף טאקע שטענדיק זיך גוט אונטערגארטלען

מען זאָל ניט געשטרויכלט ווערן. מען דאַרף תמיד גדענקען, אַז די אָפּגעזונדערטקייט פון די וויסנשאַפטן איז אַ מעטאָדע, ניט קיין פּרינציפּ, און זיכער ניט קיין אָפּשפּיגלונג פון אמת'ע לעבנס־פּראָצעסן. אָבער ווי אַ מעטאָדע איז דאָך דאָס אַ נייטיקע פּראָצעדור אָן וועלכער מען וואָלט זיך ממש קיין ריר ניט געקענט טאָן.

ממילא זענען די באַדינגונגען געווען אַזעלכע, אַז מיר האָבן געשאַפן ניט קיין פעסטע שול פּראַקטיק וואָס איז געבויט אויף אַן אויסגעאַרבעטער שול־אידייע, נאָר דער עיקר אַ שול באַוועגונג, וואָס איז מער באַוועגונג איידער שול. אַ באַוועגונג מיט אַ טעכנישן אַפּאַראַט, מיט לאָזונגען וואָס זענען אויסגערעכנט אויף צוצוציען אונזער עולם, וואָס איז ניט באַגייסטערט פון קיין ספּעציעלער שול אידייע, מיט צוזאַמענפאָרן, מיט מאַיאָריטעט שטימען. מיט איין וואָרט, מיר האָבן געשאַפן דאָס גאַנצע קלאַפּער־געצייג פון אַ באַוועגונג, וואָס וואָלט אייגנטלאַך קיין אומגליק ניט געווען ווען דערמיט וואָלט זיך אַלץ ניט געענדיקט.

אַזוי קומט אויס, אַז אויף פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענפאָרן דעבאַטירט מען און מען אַמפּערט זיך שעה'ן לאַנג, גאַנצע טעג, איבער פראַגן און רעזאָלוציעס וואָס וועלן אין בעסטן פאַל ניט צוטראָגן און ניט אַראָפּנעמען קיין אות פונ'ם לערערס און טוערס קאָנקרעטער טאָג־טעגלאַכער אַרבעט אין און אַרום דער שול. אָבער מיר קענען זיך דאָך ניט העלפן. עס איז אַ באַוועגונג! וואָלטן מיר געהאַט אַ גענוג גרויסן שול־אָריענטירטן עולם, וואָלט פאַר זיי אַזאַ דערשיינונג אויסגעקוקט קאָמיש און זיי וואָלטן געמאַכט אַ סוף צו איר. וואָרים באמת, קען מען זיך פאָרשטעלן אַז אַ פאַרטיי, אַ באַוועגונג, זאָל אָפּגעבן צייט און ענערגיע אויף זאַכן וואָס רירן כמעט ניט אָן די קאָנקרעטע אויפגאַבן פון דער געגעבענער פאַרטיי אָדער באַוועגונג? בּאַ אונז קומט אָבער אויס, אַז די אַרבעט וואָס מען דאַרף טאָן אין די שול צו וועלכער מיר זענען ניט געוואוינט, אָבער די אָריענטאַציע שטאַמט פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלאַכער באַוועגונג, וואָס צו אירע דרכים האָבן מיר אַ טראַדיציאָנעלע צוגעבונדנקייט. עס

איז עפּעס אַ מין „קול קול יעקב והידים ידי עשיו". אויף איי־נעם פון אונזערע צוזאַמענפאָרן, למשל, האָט מען זיך שטאַרק געאַמפּערט איבער דער פראַגע וועגן אונזערע באַציאונגען צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד. וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַזאַ רעזאָלוציע (ניט אונזער באַציאונג צו דעם ענין, נאָר די רעזאָלוציע פון אונזערן אַ צוזאַמענפאָר) צו אונזער שול־אַרבעט? די דאָזיקע וואָס האָבן זיך איבערגעגעסן מיט דער פראַזע „געזעלשאַפטלאַך", וועלן גלייך אַרויסשפּרינגען מיט דער טענה אַז אַ שול איז אַ געזעלשאַפטלאַכער ענין און קען ממילא ניט געהאַלטן ווערן אָפּגעזונדערט פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

אין דער דאָזיקער טענה ליגט אָפּטמאָל אַזאַ רחמנות־וועקנדי־קע נאַאיוויטעט אַז מען ווערט ממש גערירט. וואָרים אויב די שול איז אַ געזעלשאַפטלאַכער ענין, איז דאָך פּשוט קיין סוף און קיין שיעור ניטאָ צו וואָס מען דאַרף אַלץ נעמען אַ שטעלונג (אוי, די ליידנשאַפט צו נעמען אַ שטעלונג!). צווייטנס, פאַרוואָס זאָלן אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונגען (למשל, די זעלביקע קאָלאָניזאַציע), וואָס זענען דאָך זיכער געזעלשאַפטלאַכע ענינים, ניט נעמען קיין שטעלונג צו אונזערע שולן, וואָס האָט דאָך געוויס ניט ווינציקער שייכות צו זיי ווי זיי צו אונז? אָבער דער הויפּט־טעות פון די דאָזיקע מענטשן באַשטייט דערין, וואָס זיי זעען ניט איין, אַז יעדע וויכטיקע אַרבעט — ווי ווייט אירע פאַרבינ־דונגען זאָלן ניט גרייכן — האָט אירע באַזונדערע אייגנאַרטיקייטן, און זי קען נאָר דעמאָלט האָבן אַ האַפט ווען אָט די אייגנאַר־טיקייטן, און ניט אירע נויטווענדיקע פילזייטיקע פאַרבינדונגען, באַשטימען איר דענקען און טעטיקייט. ניט די שול איז אָפּגע־זונדערט, נאָר דאָס טראַכטן וועגן איר דאַרף זיין אָפּגעזונדערט, דאַרף אויסאַרבעטן אַן אייגענע באַזונדערע אָריענטאַציע און אַן אייגענע ווענדונג, דאַרף פאַרנעמען די גאַנצע, פולע אויפמערק־זאַמקייט פון אַלץ און אַלעמען וואָס זענען דירעקט מיט איר פאַר־בונדען.

עס איז אַ מערקווירדיגער פאַקט, אַז כמעט אַלע וואָס האָבן גע־זוכט אַריינצוברענגען וויכטיקע רעפאָרמען אינ'ם שול־וועזן האָבן

זיך תמיד געשטעלט אויף דער פּראָגרעסיווער זייט אין וועלט־פראַגן ווען פּאַסיקע געלעגנהייטן האָבן עס געפאָדערט. דער דאָזיקער פּאַקט ציט זיך דורך ווי אַ ליכטיקער שטראַל פון פּלאַטאָנ׳ען ביז דזשאָן דיואי׳ן. אין דער אַטמאָספערע פון פאַר־טיפטער דערציערישער אַרבעט ווערט די וועלט געלייטערט. דאָס פרייע, זאָרגלאָזע לעבן פון אַ קינד אַנטפּלעקט ריכטונגען און באַווייזט וועגן וואָס פירן צו די ליכטיקסטע דערגרייכונגען פון מענטשלאַכן זשעני. הלואי וואָלטן מיר איצט געהאַט אַ גרופּע מענטשן אין אונזער אייגן וועלטל וואָס וואָלטן פון דער קינדער־שול אַרויסגעבראַכט זייער וואָרט איבער די וויכטיקסטע פּראָבלע־מען וואָס מאַטערן איצט די וועלט בכלל און די אידישע וועלט בפרט. אַזאַ גרופּע איז אָבער נאָך דערווייל באַ אונז ניטאָ. מיר האָבן נאָך דערווייל ניט צווישן זיך אַזעלכע וואָס קומען, אין דער ערשטער ליניע, פון דער שול, און זוכן אַריינצוברענגען דעם איינפלוס פון דער שול אין דער וועלט, און ניט פאַרקערט.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז איך האָב דאָ בלויז אין זינען לערער. מיר האָבן היינט גענוג לערער וואָס לערנען מ י ט קינדער, אָבער לערנען גאָרניט פ ו ן קינדער. דאָס איז אַ שלעכטער לערער, אַ פאַרבאַלמעלאָכעטער לערער, אָבער אַזעלכע זענען פאַראַן גענוג. אַזאַ לערער האַנדלט אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן: „בלויז איר, קינדער, דאַרפט עפּעס לערנען, איך אָבער דאַרף שוין גאָרניט לערנען; איך בין שוין אַ פאַרטיקער מענטש”. ווייַ איז צו די קינדער וואָס געפינען זיך אונטער אַזאַ איינפלוס און וויי איז צו דער שול וואָס פאַרמאָגט אַזאַ זעלבסטצופרידענע פירערשאַפט. ווידער זענען פאַראַן מענטשן וואָס, סיי צוליב דעם וואָס זיי זענען טוער אין שולן, סיי צוליב דעם וואָס זיי לערנען וועגן קינדער און וועגן דערציאונג, אָדער פאַרנעמען זיך מיט קולטור פראַגן בכלל, ווערן זיי אַזוי טיף דורכגעדרונגען מיט די מאַניפעסטאַציעס וואָס קינדער ווייזן אַרויס אין זייער וואוקס, און מיט דער אַלגעמיינער קולטור־שטימונג, וואָס דאָס דאָזיקע דענקען רופט אַרויס, אַז דאָס גיט זיי אַ נייעם קוק אויף וועלט און מענטשן. און זיי ווערן ממילא געשטויסן זיך אַוועקצושטעלן אין די געהעריקע רייען בנוגע אַלגע־

מיינע סאָציאַלע פראַגן. אָט אזא דערציערי־אָריענטירטער עולם — לערער און ניט לערער — פעלט אונז און מיר ליידן פון דעם זייער אַ סך.

דאָס איז אייגנטלאך דאָס וואָס איך האָב פריער באַמערקט. מיר זענען גליקלאך דערמיט וואָס אונזער שול האָט ניט קיין טראַדיציע און איז דעריבער פּטור פון דער משא פון טראַדיציאָנעלן שטויב. אָבער מיר פאַרגעסן אז צוזאַמען מיט דער טיילווייזער מעלה וואָס מיר האָבן ניט קיין חדר־טראַדיציע, ליידן מיר פונ׳ם שרעקלאכן חסרון וואָס מיר האָבן בכלל קיין שול־טראַדיציע ניט, וואָס אונז פעלט דאָס וויסן און דער געלענק ווי אזוי צוצוטרעטן צום שול ענין בכלל. דערפאַר איז מעגלאך אז אימיצער זאָל בא אונז מיט אַ באַוועגונג־פראַזע — וואָס האָט קיין שום שייכות ניט צו קאָנקרעטער שול־ארבעט — אויפרודערן לערער און טוער און אויף לאַנגע צייטן אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אמת׳ע פראַגן אויף וועלכער אַ מאָדערנע שול איז באַרופן צו געבן אַן ענטפער.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט זיך דער קאַמף צווישן לינק און רעכט אויך געמוזט אָפּרופן אויף די שולן, כאָטש מיט דער טעטיקייט אין די שולן גופא האָט דער גאַנצער ענין קיין שום שייכות ניט. אין דער אמת׳ן האָט די אַלגעמיינע געזעלשאַפט לאַכע זייט פונ׳ם שול־וועזן ניט געדאַרפט דערוועקן קיין שום רייבונגען. ווייל אַלע שטייען מיר אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון אידיש און וועלטלאַכקייט. און עס איז אַ טעות צו מיינען אז „אידיש״ איז בלויז אַ פראַגע פון שפּראַך אָדער קולטור. אין דער פּראַקטיק איז אידיש אַ גאַנץ באַשטימטע שטעלונג אפילו צו סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן. יעדער איינער וואָס וויל נאָר ניט אז די שול זאָל זיין אַ פּאַרטיי ענין, און האָט ניט קיין ספּעציעלע נייגונג צו האָר־שפּאַלטערישע ויכוחים ווייס אז „אידיש״ איז אַן אַלגעמיין ראַדיקאַלע לאָזונג, ראַדיקאַל אין יעדן זינען פונ׳ם וואָרט. אמת, קיין פּאַרטייאישע באַשטימטקייט איז אינ׳ם וואָרט ראַדיקאַל ניטאָ, אָבער ווער דאַרף דען, ווער וויל דען אין דער שול־ארבעט אזא באַשטימטקייט צו אַלגעמיינע פראַגן.

און דאָך... נו, מילא, פאַרפאַלן. לאָמיר זיך טרייסטן דערמיט וואָל די שול־אַרבעט איז אַ צו גרינטלאַכע רעוואָלוציע אין אונזער קולטור־וועלט אַז אפילו אירע אָנהענגער זאָלן זי ווי געהעריק קענען אָפּשאַצן. לאָמיר זיך אויך פרייען דערמיט וואָס די שולן זענען דאָ און זייער איינפלוס וואַקסט פון טאָג צו טאָג. די שולן זענען איצט פּאַקטיש געוואָרן אַ נייער גרויסער כח אין אונזער לעבן, און ווי יעדע נייע דערשיינונג מוז זי אַרויסרופן מיספאַרשטענדענישן ניט בלויז בײַ קעגנער נאָר אפילו בײַ אירע בעסטע פריינט. איצט דאַרף זײַן די אויפגאַבע פון יעדן איינעם וואָס לעבט און אָטעמט מיט׳ן מאָדערנעם אידישן שול־וועזן בייצוטראָגן אַלץ וואָס אין זיינע אינטעלעקטועלע כחות כדי מען זאָל די דאָזיקע אַרבעט וואָס בעסער און גרינטלאַכער פאַרשטיין, כדי זי זאָל קענען פאַרנעמען דעם באַזונדערן חשוב׳ן פּלאַץ וואָס זי פאַרדינט ניט בלויז אין אונזער טעטיקייט נאָר אויך אין אונזער דענקען. לאָמיר אַלע צוזאַמען שאַפן די גרויסע אידייע וואָס פעלט אינ׳ם הינטערגרונט פון דער מאָדערנער אידישער שול, און זאָל דאָס זײַן אַ אידייע וואָס, ניט געקוקט אויף איר נויטווענדיקער פאַרבינדונג מיט דער גאַנצער אַרומיקער וועלט, זאָל זי האָבן אַן אייגן פּנים און — וואָס איז געוואַלדיק וויכטיק, — אַן אייגענעם אויסדרוק־אופן, אַן אייגענע שפּראַך, כדי זי זאָל ניט זײַן געצוואונגען זיך צו פאָרמולירן אין טערמינען פון אַרומיקע געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונגען.

2.

## דער חדר מתוקן

עס איז געגוג צו וואַרפן אפילו אַן אויבערפלעכלאַכן בליק אויף דער געשיכטע פון שול־דערציאונג כדי איינצוזען אַז ניט געקוקט אויף דער ענלאַכקייט צווישן די שול־סיסטעמען בײַ אַלע מאָדערנע פעלקער, זענען אָבער פאַראַן באַזונדערע אייגנאַרטיקייטן און כאַראַקטעריסטישע סמנים אין יעדער נאַציאָנאַלער שול־סיסטעם. שוין דער פאַרשידענער טייטש פונ׳ם וואָרט „פּאָבליק סקול" אין ענגלאַנד און אין אמעריקע למשל, ווייזט אונז אָן אויף

דעם פארשידענעם געבוי און דער באזונדערער היסטאָרישער אנטוויקלונג וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר אָט די צוויי נאציאָנאַלע געזעלשאפטן. בלויז א באקאנטשאפט מיט דער געשיכטע פון יעדן פאָלק באזונדער קען אונז קלאָר מאכן די באזונדערע אייגנשאפטן פון פארשידענע שול־סיסטעמען און ממילא די אנטוויקלונג פונ׳ם שול־וועזן בכלל.

קומען מיר צום מאָדערנעם אידישן שול־וועזן באגעגענען מיר אויך אייגנארטיקייטן וואָס ווארפן זיך זייער שטארק אין די אויגן. קודם כל איז ביי אונז דער סאמע אָנהייב פאָרגעקומען פונקט פארקערט ווי בא אַלע מאָדערנע פעלקער. די שול־סיסטעם צעטיילט זיך געוויינטלאך אויף פיר מדרגות : 1) פאָר־שולן (דאָס וואָס מען רופט „קינדערגאָרטן") ; 2) אָנפאנג־שולן ; 3) מיטל־שולן, און 4) הויך־שולן, וועלכע פון אָט די מדרגות איז געשאפן געוואָרן פריער און וועלכע שפעטער ? על פי שכל קומט אויס אז די אָרדנונג אין וועלכער איך האָב זיי אוועקגעשטעלט, וואָלט אויך געדארפט זיין די אָרדנונג אין וועלכער זיי זענען געשאפן געוואָרן, דער שכל איז דאָך מחייב אז צום ערשטן דארף מען פארזאָרגן די גאָר קליינע קינדער, דערנאָך די קליינע, דערנאָך די מיטעלע, דער־נאָך די עלטערע. היסטאָריש איז אָבער די מעשה פאָרגעקומען פונקט קאפויר. היסטאָריש איז צום ערשט געבויט געוואָרן דער אוניווערזיטעט, ד. ה. די הויך־שול, דערנאָך די מיטל־שול, דערנאָך די אָנפאנג־שול, און ערשט צום סאמע סוף — דער קינדערגאָרטן. מיר זעען טאקע אז דער קינדערגאָרטן איז נאָך ביזן איצטיקן טאָג בלויז א צוטשעפעניש צו דער שול־סיסטעם ; ער איז נאָך ניט קיין חוב פאר יעדן קינד אזוי ווי די אָנפאנג־שול. און בכלל זענען קינדערגאָרטנס ווינציקער אין צאָל ווי אַלע אנדערע טיילן פון דער שול־סיסטעם.

אויף אזא אופן קומט אויס, אז יעדע נייע מדרגה אין דער שול־סיסטעם האָט — גלייך ווי זי איז געבוירן געוואָרן — געהאט פון וואנען עפעס אָפצולערנען, א מין עלטערן ברודער, אזוי צו זאָגן, וואָס זאָל געבן די ריכטיקע עצה און זאָגן א נייטיק וואָרט בא פאסיקע געלעגנהייטן. בא אונז אָבער זענען מיר געצוואונגען

געוועז אָנצוהויבן פון אונטן ארויף, די ריכטיקע אָרדנונג אויף צו בויען הייזער, אבער ניט שול־סיסטעמען.

פון אָט דעם היסטאָרישן פאקט וועלן מיר נאָך האָבן געגוג צו זינגען און צו זאָגן אין די קומענדיקע יאָרן. דאָס וועט אונז געבן גרויסע שוועריקייטן מיט וועלכע מיר וועלן זיך לאַנג, לאַנג דארפן ראַנגלען ביז מיר וועלן זיי קענען בייקומען. וואָרים דאָס הייסט דאָך אז מיר זענען ניט בלויז געזעלשאפטלאַך איינזאַם, ניט נאָר פעלט אונז אַ גענוג גרויסע און קוואַליפיצירטע גרופּע מיט אַן אויסגעארבעטער קולטור־אָריענטאַציע — אַן ענין וואָס איז שוין פריער באַרירט געוואָרן — נאָר אז מיר לעבן אויך אין וויסנ־שאַפטלאַכער איינזאַמקייט. יעדער איינער וואָס האָט דעם מינדסטן באַגריף אויף וויפיל דער „טיטשערס קאַלעדזש" פון קאָלאָמביע, אָדער דער אוניווערזיטעט פון שיקאַגאַ, העלפט ארויס און פאַר־בעסערט די ארבעט אין דער אָנפאַנג־שול וועט פאַרשטיין ווי געפערלאַך עס איז אונזער אקאַדעמישע עלנטקייט.

אָבער דאָס איז ניט די איינציקע שוואַכקייט פון וועלכער עס ליידט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אידי־שער שול. אונזער שול איז געשאַפן געוואָרן פון אַ דור וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון די אַלטע אידישע לעבנס־פאָרמען ביים סוף פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. עס איז דעריבער נייטיק צו באַטראַכטן וואָס עס איז אייגנטלאַך דאַמאָלט פאַרגעקומען, לכל הפחות אויף אַזוי פיל אויף וויפל עס קען אונז באַלייכטן די ערשטע סמנים פון דער נייער אידישער שול.

איך וויים ניט אויב מען קען אין דער גאַנצער מענטשלאַכער געשיכטע געפינען נאָך אַ פאַל ווען דער מהלך צווישן צוויי כסדר׳־דיקע דורות זאָל זיין אַזוי גרויס ווי דער וואָס צווישן אונז און אונזערע עלטערן. אָנהייבנדיק מיט רעליגיעזע באַגריפן און ענדיקנ־דיק מיט קליידער־פאָרמען איז דאָך ניט פאַראַן קיין איין ציגל פון אונזער אַלטער קולטור־געביידע, וואָס איז אין אונזער באַוואוסט־זיין געבליבן אויפ׳ן זעלביקן פּלאַץ, אָדער געבליבן בכלל. די צוויי דורות האָבן אָפּטמאָל געמאכט דעם איינדרוק ווי צוויי באַזונדערע

ראַסן, ווייל כמעט יעדע אָפּענע קולטור פאַרבינדונג צווישן זיי איז ווי מיט א מעסער פּלוצלונג איבערגעשניטן געוואָרן.

די וועלט פון אונזערע עלטערן איז געווען פאַרשלאָסן און אָפּגעזונדערט. דער הינטישער וואָכעדיקער טאָג האָט געהאַט א קנאַפּע שייכות צום פרינצלאַכן שבת. דער שבת, איז געווען דאָס העכערע לעבן, די קולטורעלע אייגנאַרט, וועלכע איז אין דער דערציאונג פון די קינדער פאַרטראַטן געוואָרן דורכ'ן חדר. אויף וויפל עס איז בכלל מעגלאַך פולשטענדיקע אָפּגעשלאָסנקייט אינ'ם לעבן פון א פאָלק האָט עס דאָס חדר גאַנץ קלאָר אָפּגעשפּיגלט. די פּראָגראַם פון די חדר לימודים האָט זיך לחלוטין ניט גערעכנט מיט דער אַרומיקער וועלט. דאָרט איז דאָס בית המקדש מיט'ן גאַנצן טעמפּל ריטואַל געווען אווירקלאַכקייט און די תלמודישע געזעצגעבונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אונטער באַדינגונגען וועלכע זענען שוין געווען פאַרשוואונדן, איז נאָך אַלץ אוועקגע־שטעלט געווארן ווי קאָנקרעטע לעבנס־פּראָבלעמען פאַר די וואַקסנ־דיקע דורות.

איז געקומען די גרויסע רעוואָלוציע וועלכע איז שוין פון פריער צוגעגרייט געוואָרן פון חסידיזם פון איין זייט און פון דער השכלה פון דער צווייטער. קאָנקרעט האָט זיך די רעוואָלוציע אויסגעדריקט אין צוויי באַזונדערע שטראָמען: א נאַציאָנאַלן און א סאָציאַלן, אָדער ציוניזם און סאָציאַליזם.

דער ציוניזם איז לכתחילה געקומען מיט דער כונה בלויז עפּעס מוסיף צו זיין, און ניט מער. יעדער וויכטיקער היסטאָרישער צוגאָב צום לעבן און שטרעבן פון א פאָלק איז נאַטירלאַך מחייב א גרויסע פּסיכאָלאָגישע און קולטורעלע ענדערונג אין דער זעלביקער צייט. און דאָס האָט טאַקע די אנטוויקלונג פונ'ם ציוניזם געבראַכט. אבער איך רעד דאָ פון שטאַנדפּונקט פון די אָפּענע כחות פון דער באַוועגונג. דער ציוניזם האָט אייגנטלאַך ניט דערקלערט קיין מלחמה די אַלטע איינגעוואָרצלטע לעבנס־אופנים. ער האָט בלויז געקעמפט פאַר זיין אייגענער אנערקענונג, און האָט לכתחילה זיך געסטאַרעט מיט כל'ערליי מיטלען צו באַווייזן אַז

דערמיט ווערט ניט געלייקנט און ניט אָפּגעשוואַכט קיין איינע פון די פּאָזיציעס פון אַלטן אידישן לעבנס־שטייגער.

קולטורעל האָט דער ציוניסטישער „צוגאָב" געפונען זיין אויסדרוק אין דער אויפלעבונג פון דער העברייאישער שפּראַך, וואָס דאָס האָט געשאַפן אַ באַדן פאַר אַ נייעם צוגאָב צו דער פּראָגראַם פון אַ נאַציאָנאַלער אידייע פונ'ם ציוניזם און האָט אַפּעלירט צו אַ גרויסער צאָל פון אַ מיטליאָריקן עלעמענט, הייסט עס, מענטשן וואָס האָבן געהאַט קינדער און ממילא געמוזט טראַכטן וועגן „גדול בנים". איז דאָך קיין וואונדער ניט וואָס עס איז אַנטשטאַנען די נויט אַריינצוברענגען דעם ציוניסטישן צוגאָב אין זיין קולטורעלער פאָרם (העברייאיש ווי אַ שפּראַך) אין דער בילדונג־פּראָגראַם פון די קינדער. אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער חדר מתוקן.

דער אמת איז, אז אין דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג שפּילן די חדרים מתוקנים אַ נישטיקע ראָלע. און די סבות דערפון קען מען גאַנץ לייכט איינזען. צו זאָגן אַז די דאָזיקע רעפאַרמירטע חדרים האָבן זיך אונטערגעשיידט פון די אַלטע בלויז דערמיט וואָס באַ זיי איז העברייאיש געוואָרן אַ לעבעדיקע שפּראַך, איז לחלוטין פאַלש. אין דער ווירקלאַכקייט האָבן זיי אַריינגעבראַכט גאָר אַן אַנדער גייסט, אַ מער ראַציאָנאַלן גייסט. שוין דאָס „פאַרוואָכעדיקן" דעם לימוד פון העברייאיש האָט באַוויזן אַז זיי זיינען ניט בלויז אויסן עפּעס צו שאַפן נאָר אויך עפּעס צו צעשטערן. אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט וועגן דער ראָלע פון יעדן היסטאָרישן צוגאָב צום לעבן פון אַ פאָלק. וויכטיק איז אָבער צו וויסן, אַז די חדרים מתוקנים האָבן ניט געזעגלט אונטער דער פאָן פון רעוואָלוציע. עס איז זיי אייגנטלאַך ניט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען צו שאַפן אַ נייעם שול־טיפּ ווי צו שטיצן אַ געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונג. ממילא האָבן זיי ווינציק וואָס געהאַט מיט וואָס זיך אַנטקעגן צו שטעלן אַנטקעגן דעם אַלטן, פאַרוואָרצלטן חדר וואָס — ווי יעדע טראַדיציאָנעלע אינסטיטוציע — קען קיין ענדערונגען ניט פאַרטראָגן. אַ חוץ דעם איז דער וויכטיקסטער פּונקט אין דער פּראָגראַם

פון די חדרים מתוקנים — העברייאיש — ניט געווען אזא וואָס זאָל ענדערן עפּעס א פונדאַמענטאַלן מאָמענט פון דער חדר־פּראַקטיק, ממילא האָבן זיי ניט געקענט שאַפן קיין גרויסע באַגייסטערטע אָנהענגערשאַפט אַפילו דעמאָלט ווען דער ציוניזם האָט שוין געהאַט אָנגעריהרט כמעט אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. מען דאַרף אויך האָבן אין זינען אַז דער נייער העברייאישער לימוד איז ניט געבוירן געוואָרן פון קיין טאָג־טעגלאַכער נויט. ער האָט דעריבער ניט געקענט האָבן אין זיך דעם כח פון אַ נייעם דערציערישן לעבנס־שטראָם, אַפילו פאַר די וואָס האָבן זיך מער אָדער ווייניקער געפונען אונטער׳ן איינפלוס פון דער העברייאישער ראָמאַנטיק.

דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז דער חדר מתוקן איז פּאַקטיש געווען מער חדר ווי „מתוקן״, אַ חדר וואָס איז געווען צו ניי פאַר דער אַלטער וועלט און צו אַלט פאַר דער נייער. דער קאָנסערוואַטיווער קלאַס האָט ניט געקענט צוגעצויגן ווערן צו אַזאַ מין שול־טיפּ בעת פאַר אים האָט זיך בלויז איינגעשטעלט אַ רעליגיעז אַפּגעשוואַכטער משכילישער עלעמענט. און אין אַלגעמיין אין קיין שום גלויבן און פאַנטאַזיע ניט געווען אין דער דאָזיקער אַרבעט. די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַזאַ מין שול רעפאָרם איז געווען אַ שוואַכע און אַ לעבלאַכע. דער חדר מתוקן איז אייגנטלאַך אין זיין צייט געווען אַן אומגעלונגענע פּראָבע צו רעפאָרמירן דאָס אַלטע אידישע שול־וועזן מצד אַ גרופּע וואָס יעדע שול־אָריענטאַציע איז איר געווען פרעמד. ער האָט דעריבער קיין שול־ליטעראַטור ניט געשאַפן, עס איז פון אים ניט געבליבן קיין שום פּעדאַגאָגישע קריטיק; קיין שום אינסטיטוציע וואָס זאָל אַנטוויקלען אַ נייעם לערער־טיפּ (ניט רעכענענדיק די לערער אינסטיטוטן וואָס האָבן שוין פריער עקזיסטירט), אָדער נייע מעטאָדן. מיט איין וואָרט, דער חדר מתוקן איז געקומען צו באַפרידיקן אַ באַוועגונג פון דערוואַקסענע מענטשן, דאָס, און בלויז דאָס האָט פאַרנומען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. דאָס קינד אַליין — דער וויכטיגסטער צד פון׳ם פּעדאַגאָגישן שידוך — האָט אין אים געשפּילט אַ קנאַפּע ראָלע.

אמת, דער חדר מתוקן האָט אין דער שול־פּראַקטיק אַריינגע־בראַכט וויכטיקע פּעדאַגאָגישע נייאיקייטן, ווען האָט אַ אידיש קינד געוואוסט פון אַ ביכל מיט שיינע בילדער? ווען האָבן אונזערע קינדער געהאַט אַ מעגלאַכקייט צו געניסן פון געזאַנג, אָדער פון קינדער ליטעראַטור, וואָס עס האָט זיי, למשל, געגעבן דער אַמאָליקער „עולם קטן״? דאָס אַלץ איז אמת, און עס האָט אַנדערש ניט געקענט זיין, און פאַר דעם וועט דער חדר מתוקן באַקומען די געהעריקע דאַנקבאַרקייט פון דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג. אבער שוין ניט רעדנדיק וואָס די דאָזיקע אויפטוען שטאַמען ניט אין גאַנצן פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, זענען זיי אָבער אַ ממילא׳דיקער פּועל יוצא פון אַן אַלגעמיינער לאַגע און ניט קיין רעזולטאַט פון קיין ספּעציעלער פּעדאַגאָגישער פאַרטיפונג. אינ׳ם חדר מתוקן זענען געשטאַנען מאָדערנע, היינט־וועלטיקע מענטשן. עס האָט דאָך קיין רייד ניט געקענט זיין אַז זיי זאָלן, למשל, באַנוצן דעם סידור ווי אַ לערן־בוך, אָדער זיך האַלטן בא דער פאַרעלטערטער אינדיווידועלער לערן־מעטאָדע פונ׳ם אַלטן חדר. אין עצם אָבער איז דער „מורה עברי״ ניט געשטאַנען קיין סך העכער פונ׳ם אַלטן מלמד און אין געוויסע זייער וויכטיקע פּרטים — נאָך נידעריקער.

אין לעצטן סך הכל: דער חדר מתוקן האָט ניט געזוכט צו שאַפן קיין באַוועגונג פאַר אַ שול, נאָר אַ שול פאַר אַ באַוועגונג. דעריבער האָט ער — מיט אַלע נייאיקייטן און רעפאָרמען — ניט אַריינגעבראַכט קיין שול־מיסיע אין דער אידישער וועלט. ער האָט ניט אַנטוויקלט קיין דערציערישן געוויסן אפילו צווישן זיינע אייגענע טוער, סיי די פּעדעגאגישע, סיי די געזעלשאַפטלאַכע. נאַציאָנאַליזם — דער הויפּט באַוועגער פונ׳ם חדר מתוקן — קען ניט ווייזן קיין וועג אין דערציערישע פּראָצעסן, ווייל דאָס דאָזיקע וואָרט שטאַמט פון אַ גאַנץ אַנדער קוואַל פון מענטשלאַכער באַגייס־טערונג און פירט אין אַנדערע ריכטונגען. אַזאַ לאָזונג אין אַ שול־באַוועגונג קען ניט שאַפן קיין טיפן באַוואַסטזיין און בעסערע אָפּשאַצונג פון דערציערישע פּראָצעסן, און מוז דעריבער זיין שעדלאַך פאַר יעדער שול, אפילו ווען אירע לערער און טוער זענען

דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַליסטישן געמיט און נאַציאָנאַליס־טישע אידעאַלן.

זאָל אונז דעריבער ניט וואונדערן פאַרוואָס די השכלה באַוועגונג — וואָס איז געקומען פיל פריער — איז געווען מער שאַפעריש אויפ'ן שול־געביט, מיט אירע ראַדיקאַלע ענדערונגען אין פּראָגראַם פון לימודים, אירע לערער אינסטיטוטן, און אז. וו. דאָס וואונדער וואָלט אייגנטלאך געדאַרפט זיין נאָך גרעסער ווען מען דערמאָנט זיך אז דער ציוניזם האָט געהאַט אַ פיל טיפערן, און אַן אַ שיעור ברייטערן איינפלוס איידער די השכלה באַוועגונג. אָבער עס איז קלאָר: וועלטלאַכע בילדונג — דער דעוויז פון דער השכלה — איז אַ שול דעוויז, און ער ציט צו די אויפמערקזאַמקייט צו די ספּעציעלע אייגנאַרטיקייטן פונ'ם שול־וועזן. אַזאַ דעוויז שאַפט אַ פּאַסיקן אָריענטאַציע־פּונקט. ער צווינגט מענטשן זיך פאַרנעמען מיט פראַגן פון שול־פּראָגראַם, פון לערן־ביכער, פון וועלט־לימודים, פון שול־פירונג, פון שול־היגיענע, און אז. וו. און וו. אָבער אַזאַ לאָזונג ווי נאַציאָנאַליזם שטויסט אין גאַר אַן אנדער ריכטונג. אפילו די הויפּט נייאיקייט פונ'ם חדר מתוקן — העברייאיש ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך — איז ניט דיקטירט געוואָרן פון דורכגעטראַכטע דערציערישע נויטן, נאָר פונ'ם גאַנג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ד. ה., אז שוין ביים סאַמע אָנהייב האָט דער חדר מתוקן באַוויזן וואוהין מען קען פאַרקריכן ווען אַ שול־וועזן שטעלט זיך לכתחילה אַוועק אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון ניט האָבן קיין אייגן פּנים, מיט אייגענע לאָזונגען, מיט אַן אייגענער אָריענטאַציע, וואָס זאָל צווינגען אירע אַנטייל־נעמער זיך אַלץ מער און מער צו פאַרנעמען מיט ריין־דערציערישע פּראָבלעמען.

## 3.

## דער אָנהויב פון דער אידיש־וועלטלאַכער שול.

ווען דער חדר מתוקן וואָלט געהאַט הינטער זיך אַ דערציערישן קערן, ווען ער וואָלט אויך געזוכט צו שאַפן אַ ספּעציעלן פאַרינטע־

רעסירטן צד אין אידישער דערציאונג, וואָלט אוממעגלאך געווען אז צווישן אים און דער מאָדערנער אידישער (וועלטלאכער) שול זאָל קיין שום היסטאָרישע פארבינדונג ניט זיין. אבער אזוי איז עס, צום גרויסן פארדראָס און ווייטאָג פון אַלע וואָס האָבן א באזונדער ווינקל אין הארצן פאר דערציאונגס־ענינים.

מיר וועלן זיך איצט ווענדן צום אנדערן, דעם אַלגעמיין סאָציאַלן שטראָם וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין אידישן לעבן צוזאַמען מיט'ן ציוניזם און וואָס האָט גערעדט ניט אין נאָמען פונ'ם גאנצן פאָלק נאָר פונ'ם אויפגעוואַכטן אַרבעטער קלאַס. דאָ איז שוין דער גאנג—אין שייכות צו דער אידישער שול־געשיכטע—געווען א גאנץ אנדערער. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָבן דאָ אידישע פּראָבלעמען באקומען גאָר אַן אנדער ווענדונג. די פּאָליטישע לאַגע פונ'ם לאַנד און די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיסטעם פון דער וועלט בכלל זענען דערקלערט געווארן ווי די הויפּט־שולדיקע אין אַלע אונזערע אומגליקן. בעת אַלע אידישע היסטאָרישע באוועגונגען האָבן באטראכט די אַנאָמאַליעס פון אידישן לעבן ווי ענינים וואָס זענען מער אָדער ווינציקער אָפּגע־זונדערט פון דער גאנצער וועלט און איינגעשלאָסן אין זיך אליין, האָט די דאָזיקע באוועגונג, די סאָציאַליסטישע באוועגונג, געזען אין דער אידישער וועלט א קראנקהייט וואָס איז א דירעקטער פּועל יוצא פון אַן אַלגעמיינער קראנקער וועלט. דער שאַרפער דואַליזם פון א באזונדער אינווייניקסטער אידישער וועלט פון איין זייט און פון בלויז אן אומדירעקט־ווירקנדיקער דרויסנדיקער וועלט פון דער אנדערער, אָט דער דואַליזם, וואָס האָט זיך היסטאָריש איינגעגעסן אין אונזער בליק אויף אידישע פראגן, איז אָפּגעשאַפן געוואָרן. עס האָט זיך באקומען איין גאנצע איד־וועלט קאָנ־צעפּציע. פון דער אידישער וועלט איז געווארן בלויז א אידישע „גאַס”, א גאַס וואָס לעבט און בייט זיך לויט'ן מזל פון דער גרויסער אַלגעמיינער וועלט. אין דער באגייסטערונג פון דער ערשטער נייקייט פון אָט דעם געדאנק, האָט די סאָציאַליסטישע באוועגונג לכתחילה ניט געזען קיין שום אייגנאַרטיקע נויטן אין אידישן לעבן. שוין אָפּגערעדט פון דעם אז ספּעציעלע אידישע

קולטורעלע פּראָבלעמען זענען אין גאַנצן איגנאָרירט געוואָרן. אַזאַ באַוועגונג איז מחייב אַ רעוואָלוציע אויף יעדן פעלד פון דענקען, און אין יעדער שטעלונג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אַזאַ באַוועגונג האָט געמוזט ברעכן יעדע איבערגעבליבענע צוים וואָס האָט נאָך געהאַט אַרומגערינגלט די געטאָ, און האָט געשאַפן נייע אויפגאַבן, נייע פּראָבלעמען און נייע ענטפערס.

דאָך איז אוממעגלאַך געווען אַז די סאָציאַלע אויפוואַכונג זאָל אַרויסרופן נייע דערציאונג פּלענער און בויען אַ נייעם שול־טיפּ, ווי עס האָט פּאַסירט מיט דער נאַציאָנאַלער. וואָרים קודם כל האָט די נייע באַוועגונג געפאָדערט אַזוי פיל אָנשטרענגונג, אָרגאַניזיר־אַרבעט און שטענדיקע מסירת נפש, אַז דאָס האָט פאַרנומען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון יעדן פון אירע אָנהענגער. אַ חוץ דעם — און דאָס איז דער עיקר — האָט זיך דאָ געפונען על פּי רוב אַ יונגער עלעמענט, יונגע בחורים און מיידלאַך, וואָס פאַר זיי איז די פראַגע פון דערציען קינדער אין גאַנצן ניט געשטאַנען.

אָבער בילדונג פאַר דערוואַקסענע האָט על פּי נויט געמוזט ווערן אַ וויכטיקע טייל פון דער דאָזיקער גאַנצער באַוועגונג. וואָרים די נייע אידייען וואָס זי האָט פּרובירט צו פאַרשפּרייטן וואָלט באַ די בעסטע אָביעקטיווע באַדינגונגען ניט געקענט דער־גרייכן דעם אַרבעטער קלאַס וואָס איז אין יענער צייט געווען דער דערשלאָגנסטער און אומוויסנדסטער קלאַס פון אידישן פאָלק. עס איז נייטיק געוואָרן אַ ברייטע און פילזייטיקע אויפקלערונג פון אַ פּראָקלאַמאַציע ביז אַ בוך, און פון אַ סענטימענטאַלער רעדע ביז אַ דורכגעטראַכטן רעפעראַט.

פון אַן אַנדער שפּראַך, אַ חוץ אידיש, האָט דאָך נאַטירלאַך קיין רייד ניט געקענט זיין, און גראָד איז אידיש דעמאָלט געווען זייער אַן אומדאַנקבאַרער אינסטרומענט פאַר וויסנשאַפטלאַכער אַרבעט. ממילא איז נויטיק געוואָרן צו פיילן און פּוצן די אידישע שפּראַך, כדי אויף אַזאַ׳ן אופן צוצוגרייטן זי פאַר אַ וויסנשאַפט־לאַכן אויסדרוק־מיטל.

די אַרבעט וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אויפ־געטאָן אויף דעם דאָזיקן פעלד איז פשוט ניט אָפּצושאַצן. אַלץ

וואָס איז פאַרבונדן מיט'ן וואָרט אידיש האָט פיל צו פאַרדאַנקען דער דאָזיקער אומגעהייער וויכטיקער ארבעט. וואָרים אומדירעקט האָט זי אויך אָנגערעגט דעם שנעלן אויפגאַנג פון דער נייער אידישער ליטעראַטור, אונזער שענסטן קולטור־פּראָדוקט פון דער לעצטער צייט. פאַקטיש איז די גאַנצע איצטיקע אידישיסטישע באַוועגונג — אין ברייטן זינען פון וואָרט — אַ כשר קינד פון יענער גרויסער ארבעט, וואָס דאָס הייסט שוין ממילא אַז איר ווירקונג האָט ווייט אריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון'ם קלאַס צוליב וועלכן זי איז לכתחילה געטאָן געוואָרן.

און מערקווירדיק זיינען די וועגן פון היסטאָרישן לעבן. דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905, וואָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר די ליכטיקסטע האָפענונגען פון די פּראָגרעסיווע טיילן פון אַלע רוסלענדישע פעלקער, האָט אבער געהאַט אַ גרויסע פּאָזיטיווע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון קולטור־ווערטן אין אידיש. די ספקות אין דער יאוש אויפ'ן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלאַכן פעלד, וואָס דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע האָט ארויסגערופן; די גייסטיקע דערשלאָגנקייט און אָפּגעלאָזנקייט וואָס איז אַ נאַטירלאַכער פּועל יוצא פון אַזאַ קאַטאַסטראָפע, פירט געוויינטלאַך די אינטעליגענטערע גרופּן צו זעלבסטפאַרטיפונג און ציט צו זייער אויפמערקזאַמקייט צו אַלגעמיינע פילאָזאָפישע און קולטורעלע פּראָבלעמען, אַזוי זעען מיר אַז אין אָט דער פּעריאָדע האָבן די בעסטע מחות פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען זיך אָוועקגעלאָזן אויף אַלגעמיינע קולטור־פעלדער (על פּי רוב אידישע שפּראַך, ליטעראַטור און קריטיק), און האָבן אויף אַזאַ'ן אופן געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך מיט נייעם אימפּעט און אין נייע ווינקלען.

דערווייל זענען יאָרן פאַרשוואומען, די רעוואָלוציע, אויף וויפיל זי איז געווען פאַרבונדן מיט די אידישע מאַסן, איז ניט געווען בלויז אַ רוסישע, נאָר אויך אַ אידישע. און כאָטש זי האָט ניט מנצח געווען די רוסישע רעגירונג, האָט זי אבער געהאַט אַ פיל בעסער מזל אין דער אידישער וועלט. דאָ אין דער אייגענער היים, איז אויסגעוואַקסן אַ נייער כח, און מיט נייע קולטור־

רעלע כלי זין. אידיש איז בא דער דאָזיקער גרופּע געוואָרן א באוואוסטזיניקער שפּראַכלאַכער אינסטרומענט וואָס פאָרדינט זעלבסטשטענדיקע אויפמערקזאמקייט, אין איר בליק אויף דער וועלט האָט זי לחלוטין אפּגעוואָרפן דעם אַלטע רעליגיעזן שטאַנד־פונקט, און געקוקט מאָדערן, וויסנשאַפטלאַך, וועלטלאַך. אזוי זענען אידישע שפּראַך און וועלטלאַכקייט געוואָרן די אַלגעמיינע באַראַקטעריסטיק פון די וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום סאָציאַליס־טישע און ראדיקאַלע באוועגונגען, מאַכט ניט אויס ווי גרויס עס זענען געווען זייערע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן אין די ראַמען פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק.

יאָרן זענען פאַרשוואומען. די אַמאָליגע יונגע בחורים און מיידלאַך זענען שוין געוואָרן עלטערן פון קינדער, און דאָס האָט מיטגעבראַכט נייע פּראָבלעמען און נייע שטרעבונגען. וואָרים כאָטש זיי זענען געווען א נייער כח אין אידישן לעבן, וואָס איז געשטאַנען מיילן ווייט אין אַלע ענינים, און בפרט קולטורעל, פון זייערע טאַטעס, און זיידעס, פונדעסטוועגן האָבן זיי קיין בילדונג־אַנשטאַלטן פאַר זייערע קינדער נאָך ניט געהאַט געשאַפן. אַלע סאָרטן חדרים — די רעפאָרמירטע איינגעשלאָסן — האָבן זיי־ערע קינדער געמוזט זיין פרעמד, און זיי אַליין אי פרעמד אי פיינטלאַך. וואָרים יעדע שול, ווי קליין אירע דערציערישע פאָ־דערונגען זאָלן ניט זיין, נאָר אויב זי האָט נאָר בכלל אַזעלכע פאָדערונגען, דאַרף קודם כל טראָגן דעם אַלגעמיינעם שטעמפּל פון דער וועלט פון וואַנען דאָס קינד שטאַמט. און דאָס, ווי שוין געזאָגט, איז געווען אידיש און וועלטלאַכקייט. דאָס הייסט, אידיש, ניט ווי א נאַציאָנאַלער אידעאַל, אָדער אפילו ווי א קול־טור אידייע, און וועלטלאַך, ניט ווי א פילאָזאָפישער אמת, נאָר אידיש און וועלטלאַך ווי פאַרפעסטיקטע לעבנס־געוואוינהייטן, ווי א באַשטימטער הינטערגרונט פון א מענטשלאַכער עקזיסטענץ.

אזוי איז געקומען א דור אויף דער וועלט וואָס האָט פּשוט ניט געהאַט וואו זיך צו קערן און וואו זיך צו ווענדן אין זיין דער־ציערישן לעבן. דעם וועג צו זיין זיידן האָט ער מער ניט גע־וואוסט, און ניט געקענט וויסן. און זיין טאַטע האָט פאַר אים

קיין היים ניט געבויט. איז ער געשטאַנען אויפן שייד־וועג און געוואַרט אויף אַ נס. דאָס איז געווען אַ גרויסע פּראָבלעם אין אונזער לעבן, אָבער אַ פּראָבלעם שוין ניט בלויז דאָרטן, אין דער אַלטער היים, נאָר אויך דאָ, אין אַמעריקאַ. וואָרים דער גייער מין עלטערן וואָס איז אויסגעוואַקסן — קולטורעל — אויף אי־דיש און וועלטלאַכקייט האָט שוין מאַסנווייז געהאַט אָנגעפילט די שטעט און די גאַסן פון דער אַמעריקאַנער וועלט.

אַזוי איז געעפנט געוואָרן דער וועג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ נייער דערציאונג־אינסטיטוציע אין אידישן לעבן, פאַר דער אידיש־וועלטלאַכער שול. די נייטיקייט פון אַזאַ אינסטיטו־ציע האָט זיך איינגנטלאַך דערפילט גלייכצייטיק אי אין איראָפּאַ, אי אין אַמעריקאַ. אָבער דאָרטן, אויף יענער זייט ים, וואָלט אין יענער צייט אוממעגלאַך געווען אויפצובויען אַ אידיש־וועלט־לאַכע שול־סיסטעם. די עקזיסטירנדיקע פּאָליטישע באַדינגונגען זענען געווען אַזעלכע אַז מען האָט גאָר ניט געקענט חלום׳ען וועגן דעם. בלויז די מלחמה, וואָס האָט אַרויסגערופן צום לעבן די קינדער־היים, האָט מעגלאַך געמאַכט אַז עס זאָל דאָרטן אַרויס־וואַקסן אַ וואונדערלאַכע שול־נעץ, וואָס דאַרף זיין אונזער אַלע־מענס נחת און פרייד.

דאָרטן, אין דער אַלטער היים, זענען די פּאָליטישע באַדינ־גונגען געווען פיינטלאַך צו דער אידיש־וועלטלאַכער שול. דער־פאַר זענען אָבער די קולטורעלע באַדינגונגען געווען גינסטיקע. עס זענען קיין אַלגעמיינע צוואַנג־שולן פאַר קינדער ניט געווען. די עלעמענטאַרע שולן וועלכע האָבן יאָ עקזיסטירט, זענען ניט גע־שטאַנען אויף קיין באַזונדערס הויכער פּעדאַגאָגישער מדרגה. אין דער אידישער וועלט איז געשטאַנען אין קולטורעלען חושך אַ פאַרעלטערטער בנין, דער חדר, אַן איבערבלייבאַכץ פון אַלטע צייטן און שטאַרבנדיקע לעבנס שטייגערס. דאָס אַלץ האָט גע־מאַכט זיכערער די אויסזיכטן פון אַ נייער, מאָדערנער שול־סיס־טעם.

דאָ אין אַמעריקאַ, איז די די לאַגע געווען פּונקט אַ פאַר־קערטע. דאָ האָבן מיר אַ פעסטע און זיכערע צוואַנג־שול סיס־

טעם, און אפילו פאר העברער בילדונג זענען פאראן גרויסע און ברייטע מעגלאַכקייטן. די היגע תלמוד תורה שטייט א סך העכער פונ׳ם היימישן חדר. וואָרים צו איר קומען די קינדער וואָס גייען אויך אין דער „פּאַבליק סקול״, ד. ה. פון א העכערן טיפּ שול, און זי וואָלט פשוט ניט געקענט אויסהאַלטן ווען זי שטייט אויף דער אָפּגעשטאַנענער מדרגה פונ׳ם אַלטן חדר. ווען מען דערמאָנט זיך נאָך, אז דאָ באַקומען אַלע קינדער זייער וועלט־לאַכע בילדונג פריי פונ׳ם שטאַט, אָדער פון דער שטאָט, קען מען שוין פארשטיין די שווערקייטן וואָס אונזער אידיש וועלט־לאַכע שול האָט דאָ בייצוקומען.

דערפאר אָבער זיינען דאָ די פּאָליטישע באַדינגונגען זייער גינסטיק. מיר ליידן ניט פון קיין שום שטערונגען מצד דער מאַכט. דאָס רעליגיעזע לעבן אין אונזער אייגן וועלטל איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט און צעלעכערט, און די מורא פאר נאַציאָ־נאַלן אונטערגאַנג איז דאָ שאַרפער און בולט׳ער. דאָס אַלץ האָט געעפנט שווערע שלעסער און אַלטע פארראָסטעטע ריגלען, און די מאָדערנע אידישע שול איז — כאָטש מיט שוואַכע טריט — אריינגעקומען אין אונזער לעבן. די פּלוצלונג צוגעקומענע צע־שטערנדיקע כחות פון דרויסן האָבן געגעבן נייע שאַפערישע גע־לעגנהייטן פאר די קאָנסטרוקטיווע כחות פון אינעווייניק.

די דאָזיקע וואָס האָבן זיך געגייטיקט אינ׳ם נייעם שול־וועזן זענען שוין פון פריער געווען אָרגאַניזירט אין פארשידענע פּאָ־ליטישע פּארטייען. איז דאָך דעריבער נאַטירלאַך אז די פּארטיי טוער זאָלן זיין די מחותנים און אונטערפירער פון דער מאָדער־נער אידישער שול. און די זעלביקע אינטעליגענטן, וועלכע זענען נאָכ׳ן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פאר־וואַנדלט געוואָרן — כמעט ווי איבער נאַכט — אין ליטעראַטן, פאָלקלאָריסטן און קריטיקער, זענען איצט געוואָרן די טעאָרעטישע און פּראַקטישע פירער פונ׳ם נייעם אידישן שול־וועזן. אָבער מיט׳ן גאַנצן דרך ארץ און דער גאַנצער באַגייסטערונג וואָס איך טראָג אין הארצן פאר די גרויסע קרבנות וואָס דער פּארטיי אינ־טעליגענט האָט געגעבן פאר דער אידישער שול אין אירע קריטי־

שע מאָמענטן, מוז מען אָבער באַשטעטיקן אָט וואָס: בעת ער איז געוואָרן אַ שרייבער, אָדער אַ קריטיקער, איז אים דער ענין דאָך ניט געווען אינגאַנצן פרעמד. ליטעראַטור און קונסט איז יעדן מענטשן, אַ מער אָדער ווייניקער נאָענטע און באַקאַנטע זאַך, און פאָלק־לאָר, אידישער פאָלק־לאָר, און אידישע שפּראַך פאַר־שונג, פאַר דעם האָט די פּאַרטיי־אַרבעט גופא אַביסל צוגעגרייט. אָבער שול ענינים? וועגן דעם האָט דער פּאַרטיי־פּירער ניט געַ־האַט דעם מינדסטן באַגריף. אנשטאָט פּעדאַגאָגיע איז ער אומ־באַוואוסטזיניק פאַרקראָכן אין „מעלאַמאָדאָלאָגיע”, און זיינע טענות האָבן פאַרטראָטן דעם געדאַנקען־גאַנג פון אַ באַוואוסטזיניק־געוואָרענעם מלמד, נאָר אויף דער לינקער זייט.

דער מלמד, לאָמיר ניט פאַרגעסן, האָט זיך מיט קיין שום פּראַקטישע ענינים ניט פאַרנומען אין זיינע לימודים. ער האָט געוואוסט אַז עס ווערן געבוירן קינדער אויף דער וועלט וואָס דאַרפן שפּעטער ווערן דערוואַקסענע מענטשן. די אינטערעסאַנטע געזעצן פון דער קינדהייט, פון דערוואַקסנקייט און פון די פּראָ־צעסן ייאָס פירן פונ'ם ערשטן עלטער צום צווייטן, האָבן אים ניט פאַראינטערעסירט, און, לויט זיין טעאָריע, האָבן זיי אים גאָר ניט געדאַרפט פאַראינטערעסירן. ווייל ער האָט פאַר זיך געזען די תורה, די גרויסע, הייליקע תורה. א י ר ע געזעצן האָט ער שוין גראָד יאָ געוואוסט, אָדער לכל הפחות געוואוסט אַז ער דאַרף זיי וויסן. פאַרשטייט זיך אַז צו אַזאַ גרויסער און הייליקער תורה דאַרף מען אַלע אידן צובינדן. ממילא דאַרף מען אויך די קינדער צו איר צובינדן. ערשטנס דערפאַר ווייל כאָטש די קינדער זענען קליין, איז אָבער די תורה גרויס, און צווייטנס, ווייל אַ פאַרבינדונג אין דער קינדהייט גאַראַנטירט שוין אויך אַן ענלאַכע פאַרבינדונג אין דערוואַקסענעם לעבן. מילא, די אַלע פּעדאַגאָגישע און פּסיכאָלאָגישע פּלאָנטערס וואָס ליגן אין אַזעלכע געדאַנקען, וועלן מיר איצט איבערלאָזן. דאָס האָט דאָך ניט קיין שייכות צום איצטיקן ענין. וויכטיק איז בלויז דער גע־דאַנקען־גאַנג וואָס ליגט אין דער אַרבעט פון יעדן מלמד.

די נויטווענדיקייט פון אַ אידיש וועלטלאַכער שול האָבן נאָ־

טירלאַך צום ערשטן דערפילט די נאַציאָנאַל־געשטימטע פּאָליטישע פּאַרטייען. אויף יענער זייט ים זענען דאָס געווען דער „בונד", די פּועלי ציון, די פאראייניקטע און די פּאָליטיש ניט־אויסגע־שפּראָכענע פאָלקיסטן, און דאָ, אין אַמעריקא, די פּועלי ציון און דער אָרדן דער אידיש נאַציאָנאַלער ארבעטער פארבאַנד, פון איין זייט, און די ס. ט. פון דער אנדערער. און כדי צו שאַפן אַ געמיינזאַמען באָדן פאַר די געגנערישע פּאַרטייען אין דער שול־אַרבעט, איז דאָ דער נאָמען פון דער שול געווען נאַ־ציאָנאַל־ראַדיקאַל, אַ טערמין וואָס איז געווען אויסגערעכנט צו באַפרידיקן אַלע פּראָגרעסיווע ריכטונגען אין אידישן לעבן בכלל און אין קולטורעלע ענינים בפרט.

אין איינקלאַנג מיט אַ לאַגע וואָס יעדע שול־טראַדיציע איז איר לגמרי פרעמד איז אויף אַזאַ אופן די סאַמע ערשטע פאַר־מולירונג פון דער אידישער שול — „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל" — גלייך געווען אַזאַ, און געמוזט זיין אַזאַ, וואָס האָט געזוכט צו דערוועקן אַ שלום־שטימונג צווישן די דערוואַקסענע פארשידן־אָריענטירטע „פּאָליטיקער", אָבער ניט אַזאַ וואָס זאָל טרייבן צו פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען אויפ'ן שול־געביט. אַ חוץ דעם האָט „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל" אויך אויסגעדריקט אַ קעגנערשאַפט צום רעליגיעזן שול־וועזן. אין דעם זינען איז דאָס געווען אַ נעגאַ־טיווער טערמין, אַ טערמין וואָס שטרייכט אונטער וואָס מיר דאַרפן און ווען נ י ט זיין, אָבער דריקט ניט אוים קיין פּאָ־זיטיוון שאַפנדיקן ווילן.

קיין אינווייניקסטן קאַמף האָט אָבער די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול דאָך ניט געקענט אויסמיידן. צווישן אַלע מיי־נונג־פארשידנקייטן איז געווען איינע וואָס האָט באמת געהאַט אַ טיפע שייכות צו דער שול־פּראָגראַם, דאָס איז געווען די פראַגע וועגן אידיש און העברייאיש. און ווי געטריי און איבערגעגעבן מענטשן זאָלן ניט זיין צום נייעם שול־וועזן, ווי שטאַרק זיי זאָלן ניט ווען אָפּמעקן אַלע פּאַרטיי מחלוקת'ן פאַר דער טובה פון דער שול, איז דאָך אָבער באמת אוממעגלאַך געווען פאַר־

ּבייצוגיין די שפּראַכן־פראַגע בא דער ערשטער שאַפונג פון דער נייער שול־פּראָגראַם.

עס זעט אויס, אַז דער ערשטער הויך פון אַ דערציערישן טאָן אין אונזער לעבן האָט אַרויסגערופן נייע כחות פון שאַפנדיקן זעלבסט־קאָנטראָל בא אונזערע ערשטע טוער און לערער. כאָטש ציוניזם און פאַרשידענע פאָרמען פון נאַציאָנאַליזם זענען דעמאָלט געווען ברענענדיקע טאָג־פראַגן, פונדעסטוועגן האָבען זיי קיין באַזונדערע מחלוקת׳ן ניט געשאַפן. אמת, אין דער אַרבעט גופא האָבן זיך מסתמא שטאַרק געפילט די באַזונדערע אָריענטאַציעס פון די פירער. מיר איז אָבער ניט באַקאַנט, אַז די שולן זאָלן ווען עס איז האָבן געליטן דערפון דירעקט; אַז ציוניזם, למשל, זאָל ווען עס איז האָבן געוואָרן אַ שטרייט־פּונקט. דאָס קען נאַטירלאַך שוין ניט געזאָגט ווערן וועגן העברייאיש. וואָרים, ווי שוין באַמערקט, העברייאיש ווי אַ שפּראַך, וואָס מען דאַרף לער־נען אין שול, איז דאָך אַן ענין וואָס מען קען ניט אָפּשטופּן אין אַ ווינקל. אפילו ווען ריינע פּעדאַגאָגישע כונות זאָלן דאָס יאָ צווינגען צו טאָן בנוגע אַנדערע שטרייט־פּונקטן פון פּאַרטיי־פּראָגראַמען.

## 4

# אידיש און העברייאיש.

ווי געזאָגט, האָט די געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער שול אַרויסגערופן אַן אויפריכטיקן פאַרלאַנג בא די פּאַר־טיי־לייט מקריב צו זיין מיינונג־פאַרשיידנקייטן אויף ווי ווייט דאָס איז נאָר מעגלאַך. אָבער די פראַגע וועגן העברייאיש האָט נאַטירלאַך געמוזט זיין די גרענעץ. דאָס איז דאָך ניט געווען בלויז קיין אידייאישע פראַגע, נאָר אויך אַ פראַגע וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צו דער שול־פּראָגראַם. אויף אזא׳ן אופן איז די יונגע נייע אינסטיטוציע געשטאַנען אויף אַן ערנסטן נסיון: איז די נייע שול בלויז אַ נייע אונטערנעמונג פון אַן אַלטער פּאַרטיי, אָדער איז זי אַ באַוויז אַז עס האָט אויפגעוואַכט —

אפשר צום ערשטן מאָל אין אונזער געשיכטע — א ספּעציעלע פּאַראינטערעסירטקייט אין אונזערע התחיבות'ן צום וואַקסנדיקן דור? איז די דערציאונג־באַוועגונג בלויז אַן אויסדרוק פון א פאַרלאַנג אויסצעשפּרייטן און פאַרשטאַרקן אַ געוויסן איינפלוס, אָדער איז זי אַן איינגאַרטיקער אויסדרוק פונ'ם קול פון אונזער קינד וואָס האָט שוין דערגרייכט צו אונזערע אויערן, פּונקט ווי בא אַנדערע פעלקער?

די פראַגע וועגן העברייאיש איז אייגנטלאַך געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו זען וואו מיר האַלטן אין דער וועלט בנוגע די גע־בראַכטע פראַגן. וואָרים וועגן העברייאיש און אידיש האָט מען שוין פריער געהאַט גענוג דיסקוטירט און אַרגומענטירט. מיר האָבן שוין געהאַט אַ גאַנצע ליטעראַטור פון דורכגעטראַכטע אַר־בעטן, מיינונגען, בויך־סברות און סענטימענטאַלע השתפּחות'ן. האָט די שול עפּעס אַ ניי וואָרט צו זאָגן וועגן דעם? קען די שול אָנווייזן אויף עפּעס אַ נייעם צוגאַנג צו אזא פראַגע? דאָס איז געווען אַן ערנסטער נסיון, און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? דאָ קומען מיר ווידער צו צום גדאַנקען־גאַנג וואָס מיר האָבן פריער אָנגערופן „מעלאַמדאָלאָגיע". עס איז כדאי זיך אביסל מער צו פאַרטראַכטן איבער אָט דעם גדאַנקען־גאַנג.

מיר געפינען תמיד אין דער געשיכטע פון דערציאונג אַז נייאיקייטן אין מעטאָדן קומען אָפטער און זענען גרינגלאַכער און גייען ווייטער איידער נייאיקייטן אין אינהאַלט. אינהאַלטן ווערן געהייליקט, קאַנאָניזירט און פאַר'חתמה'ט לדור דורות. לאַטיין און גריכיש זענען נאָך אַלץ געצוואונגענע לימודים אין אַ סך מיטל־שולן אין דער וועלט, און ווען עמיצער זאָל וואַגן צו וואַרפן אַ ספק אויף געוויסע טיילן פון מאַטעמאַטיק — וואָס די ווייט גרעסטע צאָל סטודענטן וועט קיינמאָל אין לעבן ניט באַנוצן — וועט מען אים אין אַ סך לענדער פּשוט די אויגן אויס־דראַפּען. דאָס איז אַלץ אין פּראַקטישן שול־לעבן. טעאָרעטיש גע־נומען, איז שוין היינט גאַנץ אַלט דער גדאַנק, אַז דער שאַרפער אונטערשייד צווישן מעטאָדע און אינהאַלט איז געבויט אויף אַ קליין־קעפּלדיקער אויפפאַסונג פונ'ם גאַנצן ענין.

אַנדערש איז עס ביים מלמד — מעג ער זיך אפילו רופן מיט׳ן מאָדערנעם נאָמען „לערער״, זיין גלאַט ראַזירט און ריידן מיט „יזמס״, מיט „לאָגיעס״ און „אַציעס״ — ער שענקט בלויז א קליינע צופעליקע אויפמערקזאַמקייט צו מעטאָדע, אין ברייטן זינען פון וואָרט. ער פאַרשטייט די שול בלויז אין טערמינען פונ׳ם אינהאַלט. און זיין גאַנצער אַרט דענקען וועגן די דאָזיקע ענינים צווינגט אים צו מאַכן דעם קינסטלאַכן ריס צווישן מע־טאָדע און אינהאַלט אַלץ בולט׳ער און טיפער. אויף חדר לשון וועט עס הייסן אַז דער עיקר איז די תורה, דאָס איבעריקע איז בלויז א טפל.

דער מלמד פאַרנעמט זיך לכתחילה מיט דערציען קינדער ניט דערפאַר ווייל עס זענען פאַראַן קינדער אויף דער וועלט, נאָר דערפאַר ווייל ער האָט „א גרויסן עפּעס״ וואָס מען דאַרף איבער־געבען. וואָלטן קינדער געבוירן געוואָרן מיט א נאַטירלאַכער טענדענץ אויפצונעמען די „תורה״ — פּונקט ווי זיי לערנען זיך אויס גיין אָדער רעדן — וואָלט דער מלמד מער קיין פּלאַץ פאַר זיך ניט געפונען אין דער וועלט פון דערציאונג. אַזוי אָבער זענען פאַר אים קינדער א מין ספּעציעלער קלאַס פון אָפּגעשטאַ־נענע דערוואַקסענע. ער קוקט אויף זיי אַזוי ווי דער קריסט־לאַכער מיסיאָנער קוקט אויף געצנדינער. דער אינהאַלט פון דער שול־פּראָגראַם איז דעריבער פאַר אים „דאָס אמת׳ע ליכט״, א גאָט־געגעבענער אידעאַל צו וועלכן מען דאַרף די קינדער צובינדן בכדי זיי זאָלן אים ווייטער פאַרשפּרייטן. עס זענען דאָך פאַראַן אויף דער וועלט אַזוי פיל געצנדינער, און מען דאַרף דאָך האָבן אַזוי פיל מיסיאָנערן. האָבן מיר פון איין זייט דעם מלמד, א פאַרענדיקטן מענטשן, מיט א פּערפעקטער תורה, און פון דער אַנדערער — אַן אָפּגעשטאַנענעם, אָדער האַלבן מענטשן — א קינד — מיט גאָר קיין תורה ניט, און די אויפגאַבע פון דער שול איז אָנצופילן מיט דער גאַנצער תורה דאָס האַרץ פונ׳ם האַלבן מענטשן.

די אַלע רייד קענען אפשר מאַכן דעם איינדרוק פון אַב־סטראַקטער איראָניע, וואָס ווייזט אָבער ניט אָן אויף די אמת׳ע

קאָנקרעטע שוועריקייטן פונ'ם מעלאמדאָלאָגישן שטאַנדפונקט. דער ענין איז אָבער פאַר מיר אַ צו ערנסטער איך זאָל זיך פאַר־גינען דעם לוקסוס פון סתם־איראָנישער שיין־שרייבעריי. מיר וועלן נאָך האָבן אַ סך געלעגנהייטן איינצוזען די פּראַקטישע שעד־לאַכקייט פון אָט אַזאַ שטאַנדפונקט. ווי אַ הקדמה צום דאָזיקן ענין קען אונז גאַנץ פיין דינען די דיסקוסיע וועגן העברייאיש באַ וועלכער מיר האָבן זיך פריער אָפּגעשטעלט.

עס איז ווערט צו געדענקען, אַז בעת אין אונזערע שולן זענען פאָרגעקומען די ויכוחים וועגן העברייאיש, איז דאָס שוין געווען אַרום פינף הונדערט יאָר נאָך דעם ווען ביי די אומות העולם איז פאָרגעקומען אַן ענלאַכע דיסקוסיע בנוגע די אַלטע קלאַ־סישע שפּראַכן. איך וויל באַין אופן ניט זאָגן, אַז די ראָלע פון לאַטיין באַ ענגלענדער אָדער דייטשן, למשל, איז די זעלביקע ווי העברייאיש אין דער אידישער קולטור. דאָס איז אַ לעכער־לאַכע באַהויפּטונג פון אַן איבערגעאיילטן אידישיסט. און עס איז גאַנץ נאַטירלאָך אַז אַ העברייאיסט זאָל אַרוים פון די כלים ווען ער הערט אַזעלכע דיבורים. און שטייט מען אויפ'ן שטאַנדפונקט פון אַ פּאַרטיקער, העכסטער תורה, איז דער העברייאיסט זיכער גערעכט. די ענגלישע קולטור־תורה אָן לאַטיין קען זיך באַגיין, אָבער אונזער אידישע קולטור־תורה אָן העברייאיש — אַ שווערער ענין. רעדט מען אָבער וועגן דער שול ווי אַן אייגנאַרטיקע אינ־סטיטוציע צו דערציען קינדער, דעמאָלט בייט זיך די גאַנצע לאַגע. די ראָלע פון שפּראַכן אין אַ שול קען באַין אופן ניט באַ־שטימט ווערן פון זייער ראָלע אין דער גאַנצער נאַציאָנאַלער קולטור. עס איז נאָך אַ פראַגע צי האָט העברייאיש אַזאַ באַ־זונדערן דערציערישן ווערט אין אידישער קינדהייט וואָס קען ניט פאַרטראָטן ווערן דורך אידיש?

איז כאָטש מען קען קיינמאָל ניט פאַרגלייכן לאַטיין מיט העברייאיש פון דעם שטאַנדפונקט פון „תורה", קען מען זיי אָבער גאַנץ לייכט פאַרגלייכן פון שטאַנדפונקט פון קינד. און פון אָט דעם שטאַנדפונקט וואָלטן מיר דעמאָלט — אין ברען פון די ויכוחים — געקענט אַ סך לערנען פון די היסטאָרישע מחלוקת'ן

וואָס זענען פאָרגעקומען מיט אַרום פינף הונדערט יאָר צוריק אין די שולן פון די מערב אייראָפּייאישע פעלקער.

עס איז אויך כדאי צו געדענקען אַז עס האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט ניט וועגן אידיש אָדער העברייאיש, נאָר וועגן „בלויז אידיש" אָדער „אויך העברייאיש", ד. ה., צי זאָל מען אין דער שוואַכער, פּעדאַגאָגיש אומזיכערער, צוויי־שעה׳איקער נאָכמי־טאָגשול לערנען צוויי שפּראַכן (אַ חוץ דעם ענגליש וואָס דאָס קינד לערנט אין פּאָבליק סקול), אַ חוץ אַנדערע לימודים. פאַר־שטייט זיך, אַז אַזאַ גאַנג וואַרפט אַרויף אַ שטאַרקן חשד אויף די „אויך העברייאיסטן". וואָרים פון אויבן אויף ליגט זיך שטאַרק אויפ׳ן שכל, אַז דאָ האָט מען ניט אַזוי ווייט אין זינען אַז די קינדער זאָלן טאַקע מיט אַן אמת באַהערשן די העברייאישע שפּראַך, נאָר מען האָט פּשוט געוואָלט שטילן דאָס אייגענע געוויסן וואָס מאָנט העברייאיש — מאַכט ניט אויס צי מען קען עפּעס אויפטאָן צי ניט.

די „אויך־העברעאיסטן" — ווען זיי וואָלטן אַביסל ווייניקער אין זינען געהאַט די „תורה" און מער די שול — האָבן דאָ גע־האָט אַ פיינע געלעגנהייט. אין דער אַמעריקאַנער שול זענען שוין געווען אויסגעאַרבעט גאַנץ נישקשה׳דיקע מיטלען אויף צו מעסטן די דערגרייכונגען פון די קינדער אין זייערע שפּראַך־לימודים. זיי האָבן אויף אַזאַ׳ן אופן געקענט אַדאַפּטירן אַזעל־כע מיטלען צו מעסטן די העברייאישע ידיעות פון די קינדער אין זייערע שולן. און אויב די רעזולטאַטן וואָלטן פאַר זיי געווען גינסטיקע וואָלטן זיי דאָך געהאַט אַזוי פיל אויף זייער זייט. און די אידישיסטן? אויך זיי האָבן זיך גאַנץ פּעסט געהאַלטן ביים תורה־שטאַנדפּונקט. איינע פון די אָנגעזעעענסטע שולן אין קאַנאַדע האָט אפילו אָנגענומען אַ באַשלוס אַז אידיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אידישן פאָלק. אַ רעזאָלוציע — און פאַרטיק.

ווען מען טראַכט זיך אַביסל מער אַריין אין דעם ענין שטעלן זיך ממש די האָר קאַפּויר. ווי קומט אַ שול זיך אַריינ־צומישן אין אַזעלכע ענינים? ווי קומט אַ שול דווקא צו ווען

אויזורפירן די פונקציעס פון א טשערנאָוויצער קאָנפערענץ? מען קען זיך לייכט משער זיין, אז אזא באשלום איז אונזערע קאנאדער חברים ניט אָנגעקומען לייכט. ווער ווייס ווי לאנג מען האָט זיך געהאמפערט און געפירט מלחמות; ווער ווייס וויפיל די שול האָט געליטן ביז מען האָט אָנגענומען די דערמאָנטע רעזאָלו־ציע. און צו וואָס? עס איז גאנץ נאטירלאך אז שול־טוער זאָלן זיין פארבונדן מיט אָרגאניזאציעס, וואָס זייער צוועק איז צו פארנעמען זיך מיט אזעלכע פראגן. אָבער וואָס געווינט די שול־ארבעט פון דעם מיט וואָסער נאָמען מען רופט אָן די אידישע שפראך? וואָסערע נייע התחייבות'ן לייגט דאָס ארויף אויף דער שול ווי א דערציאונג־אינסטיטוציע?

ליידער האָט מען אין יענער צייט וועגען די שולן ווינציק וואָס געשריבן. עס איז פשוט קיין פלאַץ ניט געווען וואו צו שרייבן. עס האָבן זיכער ניט געקענט זיין קיין סך אייגענע אויסגאבן צו באהאנדלען אזעלכע פראגן. אלץ האָט דעריבער געמוזט געטאָן ווערן בעל פה. אָבער ווען מיר וואָלטן געהאט סטענאָגראפישע באריכטן פון אלע רעדעס, ויכוחים, א. א. וו., וואָלטן מיר באקומען א גאנץ גענויע קאָפּיע פון אלע רייד וואָס זענען שוין פריער געהערט געוואָרן אויף דער אלגעמיי־נער פלאטפאָרם וואו מען האָט דעבאטירט איבער אידיש און העברייאיש.

די שול האָט ניט געוויזן קיין ניי ווינקל פון וועלכן צו באטראכטן די פראגע. דער פארטיי־מאן איז געבליבן פאר־טיי־מאן, ער איז קיין שול־מענטש ניט געוואָרן. מאכט ניט אויס ווי טריי און איבערגעגעבן ער האָט געארבעט פאר דער נייער, יונגער באוועגונג. אויף דעם פונקט, אזוי ווי אויף אלע אנדערע פונקטן, איז יעדע דיסקוסיע געפירט געוואָרן פון שול־טוער און פאר שול־טוער, און יעדער אויסגלייך האָט געהאט בלויז א שייכות צו זיי. מיט דער שול־ארבעט גופא, מיט די קינדער, האָט זיך דאָס אלץ ניט אָנגעהערט. און אויב אין דער שול האָט זיך דאָך עפעס אויסגעבעסערט, איז דאָס געווען א רעזולטאט פון גליקלאכע צופאלן. קיין אָרגאניזירטער כח האָט דאָ גאָרניט ארויסגעהאָלפן,

פאַרקערט די כחות וואָס זענען יאָ געווען אָרגאַניזירט ארום דער שול, האָבן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די אמת'ע אויפגאַבן פון דער באַוועגונג. דער שול־טוער — און דער לערער איז דער וויכטיקסטער שול־טוער — האָט אָפטמאָל, אומבאַוואוסטזיניק נאַטירלאך, געשטאַרקט דעם גוף און פאַר'סמ'ט די נשמה אין דער זעלביקער צייט. און די סבה איז א גאַנץ פּשוט'ע: ער איז שוין פון פריער, פון זיין געזעלשאַפטלאַכער ארבעט, געווען גרייט פאַר'ן גוף, פאַר דער באַוועגונג, אָבער פרעמד פון דער נשמה — פון דער שול, און אזוי ווי די שול איז באַ אים געוואָרן בלויז נאָך א פונקט אין דער פּראגראַם פון זיין אַלגעמיין געזעלשאַפטלאַכער ארבעט, איז זי ממילא געווארן בא אים א מין דינסטמויד פון דער דאָזיקער פּראָגראַם. זי איז באַ אים געוואָרן א באַשעפעניש וואָס לעבט פון צופאַסן זיך, און קען ניט שטעלן קיין זעלבסטשטענדיקע פאָדערונגען. אָט דאָס האָט זיך ארויסגעוויזן ווען אונזער נייע שול איז געשטאַנען אויף איר ערשטן פּעדאַגאָגישן נסיון.

ארום דער צייט פונ'ם סיראַקיוזער צוזאַמענפאָר (1918) פון דעמאָלסטיקן פאַרבאַנד פון נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע שולן האָבן שוין די ריין אידישיסטישע שולן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. ווען עס איז אַנטשטאַנען די פראַגע אויף יענעם צוזאַמענפאָר צי מען זאָל אין פאַרבאַנד אויך אריינגעמען שולן וואָס לערנען אינגאַנצן ניט קיין העברייאיש, איז די מערהייט געווען דערפאַר. אמת, די רעזאָלוציע פונ'ם צוזאַמענפאָר פּסק'נט אַז ניט, אָבער דאָס איז געקומען נאָך שעה'ן לאַנגע בקשות און תחנונים מצד די „אויך־העברייאיסטן". ווי א אידישיסטישער דעלעגאַט האָט זיך ביי מיר דעמאָלט געבעטן: „לאָמיר זיי נאָכגעבן. אין א קורצער צייט ארום וועט זיך סיי ווי באַווייזן א נייער אידישיסטישער שול־נעץ (דאָס האָט ער געמיינט די ארבעטער רינג שולן וואָס האָבן זיך שוין געהאַלטן ביים עפענען) און די גאַנצע רעזאָלוציע וועט קיין אויסנעבלאָזן איי ניט ווערט זיין". אין דער טענה פון דער פּאַקטישער מערהייט אויפ'ן צוזאַמענפאָר איז אָבער געלעגן מער ווי בלויז אידישיזם. עס איז געווען א נייער בליק אויפ'ן גאַנצן

ענין. אפילו דאָס קליינע הייפעלע דעלעגאַטן פון די עטלאַכע
שלום עליכם פאָלק־שולן (וואו העברייאיש איז אין יענער צייט
בלויז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז'ן דריטן לערן־יאָר) האָבן דאָ אויך
געהאַלטן מיט די ריינע אידישיסטן. די טענה איז געווען אַז מיר
קענען ניט אויסשליסן פון אונזער שול־נעץ ריין אידישיסטישע
שולן, מחמת עס איז קיין שום פּ ע ד אַ ג אָ ג י ש ע זינד ניט פאַראַן
אין אויסשליסן העברייאיש פון דער אָנפאַנג־שול.

נאָך העכער האָט זיך געהערט דער פּעדאַגאָגישער טאָן אויף
יענעם צוזאַמענפאָר אין דער רעזאָלוציע וואָס האָט אָפּגעשאַפט
דעם נאָמען „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל". דער דאָזיקער נאָמען האָט
אייגנטלאַך אויסגעדריקט דעם גייסט פון די עלטערן און טוער
פון דער שול. ער איז געווען אַ מיטל צוצוציען אַ געוויסן קרייז
דערוואַקסענע מענטשן. נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל איז, אין בעסטן פאַל,
אַ לעצטע מדרגה צו וועלכען אַ דערוואַקסענער איז געקומען, אָבער
ניט קיין אַנטוויקלונג־פּראָצעס וואָס קינדער דאַרפן דורכגיין. אַזאַ
נאָמען קען שלעכט אויסגעטייטשט ווערן און פירן דערצו אַז די
שול זאָל ווערן אַ שעדלאַכער נעסט פון „קליין־נאַציאָנאַלער" און
„קליין־ראַדיקאַלער" אַגיטאַציע.

ווי ווייט איך געדענק האָבן אַלע מסכים געווען צום פאָרשלאַג,
אַז דער דאָזיקער נאָמען זאָל אָפּגעשאַפט ווערן, וואָס דאָס איז
געווען זייער אַ וויכטיקע פּעדאַגאָגישע דערהייבונג. עס איז אויך
כדאי צו פאַרצייכענען אַז אַזעלכע וואָס האָבן אַביסעל שפּעטער
אויפגעהויבן אַ געשריי פאַר „סאָציאַליסטישע" שולן זענען אויך
אויפ'ן צוזאַמענפאָר געווען אין אַ בעסערער פּעדאַגאָגישער שטי־
מונג און האָבן געשטימט פאַר'ן דערמאָנטן פאָרשלאַג.

אויף אַזאַ'ן אופן האָט מען זיך זיכער געמעגט ריכטן אויף אַן
אָנקום פון בעסערע דערציערישע צייטן פאַר'ן אידיש־וועלטלאַכן
שול־וועזן אין אַמעריקע. ניט ווינציק האָט מסתמא בייגעשטייערט
דער פאַקט וואָס דער אידישיסטישער קאַמף איז על פּי רוב געפירט
געוואָרן פון סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן. אָט די פאַרטיי איז
שוין אין יענער צייט געווען באַלד איינגאַנצן אויף יענער וועלט.
ממילא האָבן די דאָזיקע חברים ניט געהאַט קיין דרויסנדיקע,

זייטיקע אָריענטאַציע און קיין באַזונדערע דרויסנדיקע לאָיאַליטעט. דאָס וואָלט אייגנטלאך שוין גענוג געווען אז אזעלכע מענטשן זאָלן אזוי טיף אריינגעצויגן ווערן אין דער שול־ארבעט אז זיי זאָלן אין איר דערזען א ניי, זעלבסטשטענדיק ליכט.

ווי עס ווייזט אָבער אויס איז דעם קליינעם פּעדאַגאָגישן שול־עולם ניט באַשערט געווען קיין נחת. עס מאכט עפּעס דעם איינדרוק אזוי ווי דער פּארטיי־מאַן וואָלט זיך געטראכט: אויב דער קאַמף צווישן אידיש און העברייאיש גייט ארונטער פון דער פּלאַטפאָרמע פון דער שול, וואָס־זשע וועל איך דאָרט טאָן? איז געקומען דאָס געשריי „סאָציאַליסטישע שול" און אים געראטע־וועט. עס האָט אים געוויזן אז צוקומענדיק צו דער שול דאַרף ער קיין שום נייע זאך ניט אויפנעמען; אז זיינע אלטע אלגעמיין־געזעלשאַפטלאַכע באַגריפן זענען נאָך גאַנץ גענוג ער זאָל מיט זיי פריי קענען אָפּערירן אין אלע שול־ענינים; אז די שול־אידייע איז נאָך בא אונז גענוג פּוסט אז מען זאָל אין איר קענען פריי צעלייגן די אלטע פּארטייאישע באַלאַבעטישקייט.

1.

## די „זונטיק־שול"

ווען די אידיש וועלטלאכע שול האָט זיך אביסל באפרייט פונ'ם אָנגעשטרענגטען קאמף ארום נאציאָנאליזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער העברייאיש־פראגע, האָט מען זיך זיכער געקענט ריכטן אז עס עפנט זיך א וועג פאר וויסנשאפטלאכער דערציערישער טעטיקייט. עס האָט אָנגעהויבן אויפלייכטן די האָפענונג, אז א נייע ארבעט הייבט זיך אָן, אן ארבעט פון אוועקשטעלן אונזער שול אויף אלגעמיינע דערציערישע און קינדער־פסיכאָלאָגישע יסודות. דאָס וואָלט געהייסן אז מען דאַרף אויפוועקן א נייעם געזעלשאפטלאכן אינטערעס וואָס קען געבויט ווערן אויף מאָדערנע וויסנשאפטלאכע דערגרייכונגען. די שול גופא וואָלט אייגנטלאך גדארפט זיין בלויז איין מאָמענט אין אזא מין באוועגונג, מיר וואָלטן דאמאָלט געטריבן געוואָרן צו שאפן א געהעריקע ליטעראַטור און פאסיקע אינסטיטוציעס צו אנטוויקלען אן אינטעלעגענטע עלטערנשאפט. מיר וואָלטן דעמאָלט ארויסגערופן צום לעבן א ניי ווינקל אין דער געזעלשאפטלאכער מיינונג און ממילא וואָלטן צוגעקומען צו אונז נייע כחות מיט א נייער קולטור־אָריענטאציע. עס וואָלט דאָך אייגנטלאך שוין צייט געווען דערצו. מיר לעבן דאָך עפּעס אין נאָענטער שכנות מיט א פאָלק בא וועלכן עס קאָכט, עס זידט און עס שטורעמט מיט פראגן איבער דערציאונג.

עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזן גאנץ אנדערש. דער ארבעטער רינג איז אריינגעטראָטן אין דער שול־באוועגונג אין 1918, און פונקט ווי פריער נאציאָנאליזם מיט העברייאיש, אזוי האָט איצט א נייע לאָזונג גענומען אָפּציען די אויפמערקזאמקייט פון די אמת'ע

ברען־פּונקטן פון דערציערישע פּראָבלעמען. עס האָט זיך אָנגע־
הויבן אַ סדרה פון „סאָציאַליסטישע" שולן, וואָס האָט אויפסניי
אונטערגעגראָבן דעם שוואַכן פונדאַמענט פאַר וויסנשאַפטלאַכער
דערציערישער אַרבעט אין אונזער פראַזן־צעפּרעסענער וועלט.

די סאָציאַליסטישע לאָזונג פאַר שולן איז אייגנטלאַך אין
אַרבעטער רינג אַ גאַנץ נאַטירלאַכע זאַך. זי האָט לחלוטין קיין
חבלי לידה ניט געדאַרפט האָבן, און איז דאָרט געווען אַן אַלטע
געוואוינהייט, גיכער ווי אַ נייע טעאָריע. אין אַרבעטער רינג איז
בכלל קיין נייס ניט געווען צו שטיצן שולן. די „סאָציאַליסטישע
זונטיק־שולן" וועלכע זענען אַהער אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון
ענגלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן איינצובירגערן אין אַרבעטער רינג
זינט 1906, און זענען געשטיצט געוואָרן פון אַ היפּשער צאָל
ברענטשעס. דאָס זענען געווען שולן וואו מען פלעגט יעדן זונטיק
לערנען, ד. ה. פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם. די אַרבעט איז
נאַטירלאַך געטאָן געוואָרן אויף ענגליש. איך זאָג „נאַטירלאַך",
ווייל אין יענער צייט האָט אידיש ניט שטאַרק אויסגענומען בא
קיין שום קלאַס אידן, און די אידישע אַרבעטער, און סאָציאַליסטן
בכלל זענען אין דעם פּרט געווען גאַנץ סאָלידאַריש מיט די
אַנדערע קלאַסן. די אידייע פון דער זונטיק־שול איז טעאָרעטיש
ניט געווען קיין ענג פּאַרטייאיש. אָט ווי זי ווערט פאָרמולירט
אין אַן ענגלישער סאָציאַליסטישער צייטונג:

„פּונקט ווי די יעזואיטן האָבן געצויגן די יונגע קינדער צו
זיך, זיי דערצויגן און געפּאָרעמט זייער גייסט, אַזוי מוזן מיר
(סאָציאַליסטן) אויך טאָן, נאָר מיט אַ פיל העכערן צוועק. ניט
נאָר צו מאַכן זיי פאַר סאָציאַליסטן, נאָר זיי לערנען צו דענקען
זעלבסטשטענדיק און זיי העלפן ווערן אומאָפּהענגיקע מענטשן."
(געשיכטע פון אַ. ר., אַ. ש. זאַקס, באַנד 2, ז. 204).

צו לערנען קינדער „צו דענקען זעלבסטשטענדיק און זיי
העלפן ווערן אומאָפּהענגיקע מענטשן", איז זייער אַ הויכע דער־
ציערישע אויפגאַבע. די זונטיק־שולן זענען אָבער סוף כל סוף
ניט געווען אין דער פּראַקטיק דאָס וואָס זיי האָבן געדאַרפט זיין
לויט דער טעאָריע. מענטשן וואָס האָבן געהאַט אַ פּערזענלאַכע

באקאנטשאפט מיט דער אינסטיטוציע זאָגן מיר אז אין דער פּראַקטיק האָט די זונטיק־שול לחלוטין ניט אויסגעצייכנט זיך מיט „לערנען קינדער צו דענקען זעלבסטשטענדיק". סאָציאַליזם איז דאָרט באטראכט געווארן פון א ריין „מעלאמדאָלאָגישן" שטאנדפונקט, ד. ה. פון שטאנדפונקט פון א תורה וואָס מען דארף בלויז אריינברענגען אין די קינדערשע קעפּ און פארטיק. האָט דער דאָזיקער מלמד פון די זונטיק־שולן געהאט, אמת, א גאנץ שווערע אויפגאבע. נאָר מילא, וואָס האָט ער זיך נעבאך געקענט העלפן ווען ער האָט בלויז געקענט די תורה, דעם סאָציאַליזם, אָבער ווענן קינדער און דערציאונג האָט ער מסתמא געהאט א גאנץ שוואכן באגריף.

אן אילוסטראציע וועט ניט שאַטן. מען דערציילט מיר אז אין באָסטאָן איז מיט יאָרן צוריק געווען אזא מין זונטיק־שול. האָט דער לערער, א פייערדיקער סאָציאַליסט, גערעדט צו די קינ־דער וועגן די בלוטזויגער, די עקספּלואטאטאָרן, מיט די גראָבע בייכער און די אָנגעפרעסענע פּנים׳ער מיט די גאָלדערנע זייגערס און בריליאַנטענע פינגערלאך, און אזוי ווייטער, לויט׳ן באקאנטן נוסח. גראָד איז דעמאָלט אריינגעקומען אין הויז אן עלטערער מענטש, א גאסט. נאָר מעשה שטן, מיט אן „אָנגעפרעסן" פּנים, א דיק בייכל און צו די אלע צרות האָט ער נאָך געטראָגן א טאָפּעלע גאָלדענע קייט אויפ׳ן וועסטל. אז די קינדער זענען ארויסגעקומען פון קלאַס, האָבן עטלאכע פון זיי געוואָרפן א שטרענגען בליק אויפ׳ן גאסט וואָס איז גראד דאמאלט געשטאנען אין קאָרידאָר. זיי האָבן אין אים דערקענט א לעבעדיקן פּארטרעטער פונ׳ם גרויזאמען, בלוטזויגערישן קאפּיטאליסט וואס דער לערער האָט זיי געשילדערט אויף דער „סאָציאַליסטישער" לעקציע. נו, מילא, קיין קלעפּ האָט שוין דעם אידן ניט געפעלט. די עטלאכע וואָס האָבן אין אים געכאפּט די ענלאכקייט צום בלוטזויזערישן עקספּלו־אטאטאָר האָבן גערופן די איבעריקע חברים צו פארניכטן די קאפּיטאליסטישע ארדענונג, און מען האָט דעם אידן אזוי צע׳הרג׳עט, אז ער האָט עס געהאט לאנג צו געדענקען.

איך שטעל מיר פאָר אז דאָס האָט געמוזט זיין די זונטיק־שול

אין אירע סאַמע ערנסטע מאָמענטן. נאָך אַלעמען זענען דאָרט געווען לערער, אינטעליגענטע מענטשן, און מסתמא האָבן זיי גאַנץ אָפּט פאַרגעסן די „תורה" און זיך דערמאָנט אַז עס זיצט אַ קינד אין קלאַס. אָבער דאָס האָט בלויז געקענט זיין אַ גליקלאַכער צופאַל. דער נאָמען „סאָציאַליסטישע זונטיק־שול", און די אויפ־גאַבן וואָס די בויער און שטיצער פון די שולן האָבן געהאַלטן אין איין אונטערשטרייכן זענען גענוג געווען אַראָפּצופירן פון דערציערישן וועג אפילו אַ מענטשן מיט די רייכסטע ידיעות און די בעסטע כונות.

קיין אריכת ימים האָט די זונטיק־שול, ווי מיר ווייסן, ניט געהאַט, כאָטש זיי זענען געווען היפּשלאַך פאַרשפּרייט. אין ניו יאָרק אַליין זענען אין 1911 געווען צען אַזעלכע שולן וואו עס עס האָבן זיך געלערנט אַן ערך 1,500 קינדער. און פונדעסטוועגן בעת זיי זענען אונטערגעגאַנגען זענען קיין סך הספדים ניט געמאַכט געוואָרן, און זייער ווינציק מענטשן האָבן זיך פאַרגונען דעם לוקסוס צו פאַרגיסן אַ טרער אויף זייער טויט. זיי האָבן איינגנטלאַך צום הארצן ניט גערעדט. זיי האָבן בלויז אַנגערירט אַ פּרינציפּ, און באַ אַ פאַרזאַמלונג — ווען מען קומט אריין אין געזעלשאַפטלאַכער „היץ" — קען מען טאַקע גאַנץ היים ריידן וועגן סאָציאַליזם פאַר אונזערע קינדער. און דעמאָלט האָט מען טאַקע אין זינען דעם פּשוט'ן קאַמף־סאָציאַליזם, ווי דער פריער־דיקער באַסטאַנער לערער האָט אים פאַרשטאַנען. אָבער אין דער היים, דאָרט וואו מען קוקט אויף'ן קינד פון שטאַנדפּונקט פון עפּעס נאָענטס און אינטימס, דעמאָלט פּאַרט זיך עפּעס ניט דאָס קליינע, שפּילנדיקע באַשעפענישל מיט דער ערנסטקייט פונ'ם שלאַכטפעלד־סאָציאַליזם.

די זונטיק־שול איז אונטערגעגאַנגען ניט קוקנדיק דערויף וואָס בנוגע סאָציאַליזם האָט זי דעם ראַדיקאַל בכלל, און דעם פּאַרטיי־ראַדיקאַל בפרט, געדאַרפט אינגאַנצן באַפרידיקן. די מעטאָדע פון איבערגעבן לימודים אויף אַ דירעקטן אופן איז דער לייכטסטער אופן אויף וועלכן דער זייטיקער מענטש קען משיג זיין דעם פּראָצעס פון לערנען. און ער וואָלט געדאַרפט זיין אין זיבעטן

הימל פון שמחה וואָס זיין קינד קען לייכט איבערערדן סאָציאַליס־טישע רייד. און דאָס האָבן דאָך די קינדער זיך זיכער אויסגע־לערנט אין דער זונטיק־שול. ווארים אויב נים דאָס, וואָס דען? און דאָך איז די זונטיק־שול כמעט אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען אזוי אומבאמערקט, ארומגערינגלט מיט אזא גלייכגילטיקער באציאונג, אזוי ווי זי וואָלט געווען עפּעס אַן אומגליקלאַך פאַרזעעניש פון געבוירן אָן.

מען קען דערפון גלייך ארויסזען אז ניט סאָציאַליזם איז געווען די סיבה וואָס האָט ארויסגערופן צום לעבן די אידישע ארבעטער רינג שול. ווארים אויב סאָציאַליזם — איז דערפון געווען גענוג, איבער־גענוג, אין דער סאָציאַליסטישער זונטיק־שול. די סיבה איז אין דער אמת'ן געווען גאָר אַן אנדערע, ווי מיר וועלן עס גלייך זען. נאָך מיט צוויי יאָר פריער איידער דער ארבעטער רינג האָט געעפנט אידישע שולן, האָט שוין די קאָנווענשאָן (אין 1916) אָנגענומען א רעזאָלוציע אזעלכע שולן צו עפענען. אמת, דעמאָלט איז פון דער רעזאָלוציע גאָר ניט געוואָרן, ווייל עס איז קיין ספּעציעלער ביודזשעט ניט געשאפן געוואָרן. אינטערעסאנט זענען אָבער די מאָטיוון וואָס די רעזאָלוציע ברענגט ארוים:

„אָנערקענענדיק דעם פאַקט, וואָס פילע פון אונזערע מעמ־בערס זענען פאַרינטערעסירט אז זייערע קינדער זאָלן פיל ווייניק האָבן א באַגריף איבער דער אידישער היסטאָריע, קולטור, שפּראַך און ליטעראטור, און זיי זענען דאדורך אָפּט געצוואונגען אוועק־צוגעבן זייערע קינדער צו ארטאָדאָקסישע מלמדים אוים מאנגל אין פרייע אידישע ראדיקאלע פאָלקס־שולן;

„אזוי ווי די לעצטע צייט האָט זיך אָנגעפאנגען א באוועגונג צו גרינדן ראדיקאלע אידישע פאָלק־שולן אין וועלכע די קינדער זאָלן לערנען אָן דעם איינפלוס פון וועלכן פאנאטיזם אָדער רעליגיאָן;

„זיי עס דארום באשלאָסן, אויפצופאָדערן אונזערע ברענ־טשעס און אונזערע מעמבערס זיך אָנצושליסן אָן די סאָציאַליס־טישע אידישע שולן אין די ערטער וואו אזעלכע עקזיסטירן שוין,

און העלפן אויפבויען אזעלכע דאָרט, וואו זיי זענען נאָך פאַר־לויפיק ניטאָ.״

אויפ׳ן זעלביקן צוזאַמענפאָר ברענגט אויך דער בילדונגס־קאָמיטעט אריין אַ רעקאָמענדאציע, אַז „די ברענטשעס זאָלן גרינדן אידישע שולן פאר די קינדער פון ארבעטער רינג מיטגלי־דער צו לערנען זיי אידיש״. (געשיכטע פון ארבעטער רינג, באנד 2, ז. 509).

אַז די טוער פון ארבעטער רינג זאָלן ניט מאכן קיין ספּעציעלע פראגע פון סאָציאַליזם איז נאַטירלאך און אויך ריכטיק. זיי האָבן געוואוסט אַז שולן וואָס ווערן דירעקט פארוואלטעט פון ארבעטער רינג ברענטשעס, מיט לערער וואס שטאַמען פון אַ ענלאכן קרייז מענטשן, מיט לימודים וואָס שליסן איין אידיש און שליסן אויס רעליגיע, — זיי האָבן געוואוסט אַז אין אזעלכע שולן איז ניט נייטיק אונטערצושטרייכן קיין פּאָליטישן און סאָציאַלן ראַדי־קאַליזם. סיידן מען זאָל גלייך וועלן מאכן די קינדער פאר קליינע סאָציאַליסטלאך, און דאָס—ווי מען קען זען פון דער רעזאָלוציע—האָבן די טוער געהאט גענוג שכל ניט צו פאָדערן. און אויף דעם וועג וואָלט מסתמא דער ארבעטער רינג כסדר געגאנגען, ווען ער וואָלט ניט פארפירט געוואָרן פון מענטשן מיט אַ יצר הרע פאר פּראָפּאַגאַנדע און מיט אַן איבערגעטריבענעם גלויבן אין איר כוח.

קיינער קען ניט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון אַזאַ געפיל אָדער באַוואוסטזיין. מען דאַרף תמיד געדענקען אַז מען האָט געהאַט פארשידענע טענות צו די אַמאָליקע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן; מ׳האָט זיי פארגעוואָרפן זייער העברייאיש, אָדער די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע וואָס האָט אין טייל פון זיי גאַנץ פריי געהערשט. אָבער מען האָט קיינמאָל ניט אָנגעוויזן, אַז זיי האָבן זיך ווען אוועקגעשטעלט אויף דער קאָנסערוואַטיווער זייט בנוגע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראגן. מען קען דאָס זיכער ניט זאָגן וועגן שולן וואָס מאכן דעם ערשטן מאַי פאר אַן אָפּן אנערקענטן יום טוב. אַז מען זאָל אין אזעלכע שולן אונטערשטרייכן די נייטיקייט פון פּראָגרעסיווער סאָציאַלער דערציאונג איז פונקט ווי מען זאָל אונטערשטרייכן די נייטיקייט פון רעליגיע אין אַ שול וואו מען

לערנט דאַוונען. עס איז זיכער מעגלאַך זיך לאָגיש פּאָר־צושטעלן אַ תּלמוד תורה מיט די טראַדיציאָנעלע חדר לימודים, און דאָך זאָל דאָרט קיין רעליגיעזער גייסט ניט הערשן. אָבער אַזעלכעס איז אין דער ווירקלאַכקייט ניטאָ, און ווער האָט עס אַזאַ גרינגן קאָפּ צו שפּאַלטן האָר איבער אַ „טאָמער" און אַן „אפשר" און אַ „כ'וויים"? פּונקט דאָס זעלביקע, טאַקע אַקוראַט דאָס זעלביקע, איז אמת בנוגע דער שייכות צווישן יעדער אידיש־וועלטלאַכער שול און פּראָגרעסיווער סאָציאַלער דערציאונג, אויב— דאָס דאַרף מען איבער'חזר'ן—אויב אונטער „סאָציאַלער דערציאונג" פאַרשטייט מען ניט די ברוטאַל־איינזייטיקע סאָציאַליס־טישע פּראָפּאַגאַנדע פון דער דורכשניטלאַכער סאָציאַליסטישער זונטיק־שול.

אויב די פּעדאַגאָגישע פירערשאַפט אין אַרבעטער רינג וואָלט ניט בלויז געווען פאַרינטערעסירט אין די אידייען וואָס מען דאַרף אָריינברענגען אין די קינדערשע מוחות, נאָר אויך אין דעם כאַראַקטער פון די מוחות גופא, איז דאָ געווען אַ גרויסע און גאָלדענע געלעגנהייט, מען האָט געקענט פּעדאַגאָגיש פאַרטיפן דעם זינען פון דער געבראַכטער רעזאָלוציע. מען האָט געקענט פירן אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט איבער דעם דערציערישן (ד. ה. סאָציאַליסטישן, אויב איר ווילט) ווערט פון ידיעות אין די דערמאָנטע אידישע קולטור ענינים. די מלחמה אַנטקעגן דער סאָציאַליסטישער אָפּאָזיציע צו אידישע שולן — וואָס איז נאָך ביז איצט געגוג שטאַרק אין אַרבעטער רינג — וואָלט געדאַרפט געפירט ווערן אויפ'ן פעלד פון וויסנשאַפטלאַכער דערציאונג. און אויב דאָס וואָלט ניט געהאָלפן צו באַקעמפן די אָפּאָזיציע, וואָלט מען לכל הפחות דערגרייכט דערמיט, וואָס מיר וואָלטן אוועקגע־שטעלט נייע וויסנשאַפטלאַכע אויפגאַבן אין דער מאָדערנער אידישער קולטור; מיר וואָלטן געשאַפן אַ אידישע פּעדאָלאָגיע (קינדער־וויסנשאַפט), פּונקט ווי עס איז לעצטנס געשאַפן געוואָרן אַ אידישע פילאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע און פאָלקלאָריסטיק, און די אידישע שול וואָלט אידיאָלאָגיש ניט געדאַרפט זיין קיין שקלאַפישע דינסט־מויד בא אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונגען.

אָבער אין אונזער סביבה איז דאָס וויסנשאַפטלאכע געוויסן ניט גענוג צארט, און קיין אמת'ע שול־טראַדיציע איז ניטאָ, איז דעריבער נאַטירלאך געווען אז מען זאָל גיין אויפ'ן אויבן־אויפיקן לייכסטן וועג, און באַנוצן סאָציאַליזם אַי ווי א מיטל צו באַקעמפן די קעגנערשאַפט אין אַ. ר. צו אידישע שולן, אַי ווי אַן אַגיטאַציע מיטל אין דער אידישער ראַדיקאלער וועלט בכלל. עס האָט געהייסן אַז די אויפגאַבע פון די שולן איז דאָך צו פאַרגרעסערן די צאָל קעמפער פאר'ן סאָציאַליזם, און אויב איר זייט קעגן אידישע שולן, זייט איר שוין ממילא קעגן סאָציאַליזם. איך וויים ניט אויב אימיצער פון דער אָפּאָזיציע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאר אזאַ מין וואָרענונג. וואָרים זייער קעגנערשאפט איז ספּעציעל געווען געווענדט אַנטקעגן אידיש, און די אָנהענגער פון דער סאָ־ציאַליסטישער לאָזונג איז קיינמאָל ניט געלונגען צו דערווייזן פארוואָס די סאָציאַליסטישע פּראפּאַגאַנדע פאר קינדער וואָס קענען ענגליש אַ סך בעסער פון אידיש, דאַרף דוקא אָנגע־פירט ווערן אין אידיש. איך זאָג „פּראָפּאַגאַנדע", ניט ווייל איך וויל חס ושלום אימיצן מיסרעפּרעזענטירן, נאָר פּשוט דערפאר, ווייל דער איינדרוק וואָס די לאָזונג „סאָציאַליסטישע שולן" מאַכט, מוז מאכן, אויף די מענטשן צו וועלכע מען וויל אַפּעלירן, איז אזאַ אז זיי וואָלטן זיך געפילט אָפּגענארט — ווי עס האָט שוין פאסירט אין אַ סך פאלן — ווען מען זאָל די קינדער ניט געבן קיין פּראָסטע, פּשוט'ע, דירעקטע סציאַליסטישע פּראפּאַ־גאַנדע. עס איז אויך קינדעריש צו גלויבן אז די פאַרשפּרייטונג פון אונזערע שולן האָט אויף וויפיל ניט איז צו פאַרדאַנקען דער אויסגעפּראָכענער סאָציאַליסטישער שפּראַך, וואָס האָט פארנומען דעם פּלאַץ פונ'ם אַמאָליקן ברייטערן וואָרט „ראַדיקאל". דער בעסטער באַווייז דערפאר איז דער וואוקס פון די שלום עליכם פאָלק־שולן, און די אידישע פאָלק־שולן פון נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד, וואָס זענען ניט ארומגערינגלט מיט סאָציאַליסטישע שלאָג־ווערטער. *)

*) אין די לעצטע נומערן פון „שול־בולעטין" פון אַרבעטער רינג הערט מען שוין קלאָרע ידיעות וועגן דעם שאָדן פון סאָציאַליסטישע לאָזונגען פאַר די שולן פון דער פּראָווינץ.

און ווען אפילו מ׳זאָל זיך וועלן איינריידן אז די סאָציאַליס־טישע שלאָג־ווערטער האָבן יאָ געבראַכט עפּעס פּראַקטישע נוצן, איז קלאָר אז דער טעאָרעטישער שאָדן זייערע וועט זיך נאָך גענוג לאָזן פילן, און פילט זיך שוין, אפילו אין דער פּשוט׳ער פּראַקטיק. קודם כל איז כדאי עפּעס צו באַמערקן וועגן דעם פּלאַץ פון דער סאָציאַליסטישער טעמע אויף די שול־צוזאַמענפאָרן פון אַרבעטער רינג. אויף יעדן צוזאַמענפאָר — פאַר דער שפּאַלטונג — האָט דער סאָציאַליזם געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע. עס האָט זיך געהאַנדלט פּשוט צו דעפינירן דעם טערמין, צו זען אַז די לערער זאָלן קלאָר ווערן וואָס מען מיינט מיט „סאָציאַליזם" אין קינדער־שולן. צום ערשט הייסט עס, טשעפּעט מען צו אַ וואָרט, און מען שטרייכט עס אונטער, און מען האַלט אין איין שרייען: „מיר זענען ניט ווי יענע, מיר זענען סאָציאַליסטישע שולן". דערנאָך קומט מען אויף אַ צוזאַמענפאָר און מען נעמט אַוועק שעה׳ן גאַנצע, טעג, כדי צו באַשטימען וואָס מיר מיינען מיט׳ן נייעם וואָרט וואָס מיר האָבן אַריינגעבראַכט.

דער שכל איז מחייב, אז דער פּראָצעס וואָלט געדאַרפט זיין אַ פאַרקערטער. צום ערשט אַרבעט מען אויס אַ פּראָגראַם פון טעטיג־קייט אין די שולן. מען ווייזט אָן אויף געוויסע נייע מאָמענטן וואָס ווערן אַריינגעבראַכט אינ׳ם לעבן פון דער אַרבעטער רינג שול, און וואָס ווערן ניט אָנערקענט פון אַנדערע שולן. און ווען אַזאַ פּראָיעקט ווערט אָנגענומען, זעצט מען זיך אַוועק און מען טראַכט מיט וואָסער נאָמען מען זאָל אָנרופן די געשאַפענע נייאי־קייטן. אָבער אז מען זאָל לכתחילה שאַפן אַ נאָמען, זוכן זיך צו וואַרפן מיט אים אין אַלעמענס אויגן, און דערנאָך ערשט זאָל מען זיצן זיבן טעג און זיבן נעכט און טראַכטן וואָסער אינהאַלט מען זאָל אַריינלייגן אינ׳ם ניי־געשאַפענעם וואָרט, דאָס קלינגט אַביסל קאָמיש. ווען מען דערמאָנט זיך אַז אין אַלע פאַרגעשלאָגענע דעפיניציעס איז **קיין איין באַזונדער פּע־דאַגאָגישער פּרינציפּ** ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן, ווערט דאָס קאָמישע נאָך אַביסל קאָמישער. נאָר ווען מען גיט נאָך אויך צו אַז די דאָזיקע אַלע ריידערייען האָבן אָפּט

געפירט צו זייער ניט שיינע זאכן אין די שולן, ווערט שוין דאָס קאָמישע אביסעלע טרויעריק.

איך דערמאָן זיך איצט אין צוויי פאלן. אויף איינעם פון די שול־צוזאמענפאָרן האָט די אָרטיקע שול איינגעאָרדענט א קאָנ־צערט פאר די דעלעגאטן. די קינדער פון דער שול האָבן אונז דעמאָלט געגעבן עטלאכע נומערן, וואָס זענען אויך קיין איין איינציקן שטאָפּל ניט געשטאַנען העכער פון מלמדישע „אויסלער־נעכצן" אין זייער ערגסטער פאָרם. אויף אַן אנדער צוזאמענפאָר האָט א דעלעגאַט, אַ לערער, דערציילט און זיך געגרייסט דערמיט וואָס ער האָט איינגעפּלאנצט אין הארצן פון אַ צען יעריק מיידעלע א שנאה צו איר פאָטער, ווייל ער איז א פאבריקאנט. ער האָט ניט פארגעשלאָגן זיין פארוואלטונג מען זאָל אָננעמען אין שול בלויז קינדער פון אַרבעטער, ניין. נאָר אָנגענומען — און איינגע־פּלאַנצט אַ שנאה. געוועזן לערער וואָס האָבן, פארשטייט זיך, זיך אויסגעלאכט פון אָט דעם סאָציאַליסטישן וצדקתך. אָבער קיין אויפרעגונג האָט דער דאָזיקער באריכט ניט ארויסגערופן. נישקשה, סאָציאַליזם קען אַלץ פארדעקן.

עס איז נאטירלאך אז אמת׳ע לערער, געבילדעטע לערער, זאָלן קענען ביישטיין דעם פּראפּאגאַנדע נסיון, און זיין, אין שול, פריער פון אַלץ לערער. אבער שוין אפּגערעדט פון דעם וואָס דאָס אליין איז נאָך קיין טרייסט ניט, זענען באשאפן געוואָרן אין פארבינדונג מיט דער שול־סאָציאַליסטישער אגיטאַציע א גאנצע ריי פארפירערישע באגריפן. דאָס וועט אונז באווייזן אויף וואָסערע פארפּלאָנטערטע וועגן מען קען פארקריכן ווען מען שטעלט זיך לכתחילה אויף א פאלשן שטאַנדפּונקט; ווען אָנשטאָט אריינצור־ברענגען אין סאָציאַליזם דערציערישע באגריפן — ווי עס פאסט פאר א דערציער וואס איז אויך א סאָציאַליסט — ברענגט מען אריין אין דערציאונג סאָציאַליסטישע באגריפן, וואס פאסט בלויז פאר א סאָציאַליסט אָן יעדן פּעדאַגאָגישן און קינדער־פּסיכאָלאָ־גישן חוש.

2.

## פּאַרטייאישקייט און אומפּאַרטייאישקייט

ווען די פּעדאַגאָגישע עצה־געבער פון דער ארבעטער רינג שול וואָלטן געשאַפן עפּעס אזא מין לאָזונג וואָס זאָל זיך שטעלן אנט־קעגן אן איבערפלוס פון נאַציאָנאַליזם, אָדער אנטקעגן העברייאיש אין די שולן, וואָלטן זיי דערמיט אויסגעדריקט א פארלאנג צו בייטן א מער אָדער ווינציקער ריכטיקן עקזיסטירענדיקן צושטאַנד. אמת, קיין נייע לאָזונג וואָלט דאָס ניט געווען, ווייל ויכוחים ארום די דאָזיגע צוויי מאָמענטן זענען שוין פון פריער אָנגעגאַנגען, ד. ה. אז בנוגע די דאָזיקע פּונקטן זענען שוין פריער געווען צוויי צדדים. די ארבעטער רינג שול וואָלט דעמאָלט, אויב ניט געשאַפן קיין נייעם טיפּ שול, וואָלט זי לכל הפּחות פארשטארקט איין צד אין א לאַגע וואו א פארשיידנקייט אין מיינונגען האָט ווירקלאַך עקזיסטירט.

אָבער א „סאָציאַליסטישע" שול דאָרט וואו עס איז פאראַן א ראדיקאַלע שול האָט פּאַקטיש לכתחילה גאָר ניט געהאַט וואָס מוסיף צו זיין. פונדעסטוועגן קען מען פארשטיין די נייטיקייט פון דער נייער לאָזונג, פּשוט, מחמת טאַקטישע טעמים. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז געווען א בארעכטיקטע האָפענונג אז מיט „סאָציאַליזם" וועט מען אלעמען צוציען צו דער שול; מען וועט דערמיט ארייננברענגען פרישע כוחות אין דער שול־באוועגונג.

אויף אזא אופן האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט א טאַקטישן סאָציאַליזם. און דאָס איז א גאַנץ כשר'ער סאָציאַליזם אנטקעגן וועלכן מען קען גאַר ניט אויסזעצן. די צרה איז נאָר וואָס יענע עצה־געבער האָבן ניט איינגעזען אז פון א כשר'ן טאַקטישן סאָציאַליזם קען ווערן א טרפה'נע פּעדאַגאָגישע זינד. און ווען די פּראַקטיק האָט שוין אָנגעהויבן ארויסצווייזן די שלעכטע סימפּטאָמען — ווי איך האָב עס פריער דערוויזן מיט צוויי ביי־שפּילן, און וואָלט געקענט אָנווייזן אויף א סך מער ענלאַכע פאלן — דאמאָלט איז שוין ביי זיי אליין פון דער טאַקטיק געוואָרן

א פּרינציפּ וואָס האָט צוריקגעהאַלטן זייער אייגענע פּעדאַגאָגישע אַנטוויקלונג.

באַ דיכטער איז שוין לאַנג קלאָר געוואָרן אַז פאָרם און אינהאַלט זענען ניט קיין אַבסאָלוט באַזונדערע זאַכן. אויך לערער ווייסן שוין אַז מעטאָדע און לימוד זענען צוויי לייבלאַכע קרובים. אָבער פּאַרטיי מענטשן האָבן נאָך ווייניק וואָס געלערנט וועגן דער נאָענטער שייכות צווישן טאַקטיק און פּרינציפּ. נאָר בנוגע אונזער ענין קען מען גאַנץ פריי זאָגן אַז מען קען ניט זינדיקן אין דער טאַקטיק און אין דער זעלביקער צייט אויפהאַלטן די אומשולד אין דעם פּרינציפּ. ווער שמועסט נאָך בנוגע דער סאָציאַליסטישער לאָזונג — ווען עס איז נאָך צוגעקומען די אַמביציע צו וועלן שאַפן א נייעם טיפּ שול — איז שוין אודאי קיין מעגלאַכקייט ניט געווען מען זאָל מיט מער אָביעקטיווקייט זיך קענען אַריינטראַכטן אין דעם וואָס מען זאָגט.

איך וויל באַין אופן און אויף קיין איין רגע ניט אונטער־שאַצן די גרויסע פאַרדינסטן, די אומגעהייערע פאַרדינסטן, פון דער אַרבעטער רינג שול, פאַר אונזער אַלגעמיינער שול־באַוועגונג. איך מוז אָבער אויך אונטערשטרייכן דעם טעאָרעטישן שאָדן פון אירע פּעדאַגאָגישע וואָרט־פירער.

ווען איך האָב אָפּטמאָל אָנגעוויזן אויף דעם שלעכטן אופן ווי דער „סאָציאַליזם" ווערט אויסגענוצט אין טייל אַרבעטער רינג שולן, האָט מען מיר געענטפערט אַז דערין איז שולדיק דער לערער, ניט דער פּרינציפּ. און וואָס הערט זיך עפּעס מכח די לערער אין אַנדערע שולן? זייער ריכטיק, נאָר מיט איין קליינעם אונטערשייד: אין אַנדערע שולן האָט מען ניט אַוועקגעשטעלט קיין וואַנט הינטער וועלכער מען זאָל זיך קענען באַהאַלטן. ווען מען האָט אַמאָל פאַר מיינע אויגן אויפמערקזאַם געמאַכט אַז אַרבעטער רינג לערער אויף זיין ווילדן סאָציאַליזם אין די קלאַסן, האָבן עטלאַכע פאַרוואַלטער אים שטאַרק פאַרטיידיקט אויפ'ן גרונט וואָס „דאָס איז אַן אַ ר ב ע ט ע ר ר י נ ג ש ו ל".

אָבער אָנגענומען אַז אין די קלאַסן קען יעדער לערער ביישטיין דעם נסיון און קאָנטראָלירן זיין טעטיקייט דורך קינדער־

פּסיכאָלאָגישע פּרינציפּן, איז אָבער נייטיק זיך צו באַקענען מיט דער טעאָרעטישער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער לאָזונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי מיר זעען פון דער רעזאָלוציע פון דער 16טער קאָנווענשאָן, מיט סאָציאַליסטישע שולן אין דעם זינען וואָס זיי זענען אידיש־וועלטלאַך און ווערן געפירט פון אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. איצט האַלטן מיר שוין באַם געדאַנק אַז דער ציל פון דער שול איז „צובינדן דאָס קינד צום אַלוועלטלאַכן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט" (אין אַ באַקאַנט־מאַכונג פון די אומפּאַרטייאישע אַרבעטער רינג שולן צו זייער שול־וואָך היינטיקס יאָר). און צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרע־מען גייען אַנדערע באַגריפן וואָס זענען ניט נאָר טשיקאַווע אין זיך גופא, נאָר דערהויפּט אינ'ם אופן ווי אַזוי מען איז צו זיי געקומען. ווען מען האָט אין זינען דעם געוואַלטיקן ווערט פון טעאָרעטישע באַגריפן אינ'ם לעבן פון דער שול, וועט זיין לייכט צו פאַרשטיין אַז די דאָזיקע ענינים פאַרדינען אונזערע פולע אויפמערקזאַמקייט.

קודם כל וועלן מיר זיך ווענדן צו דער אַלטער מחלוקת וועגן פּאַרטייאישקייט אין די שולן. די ויכוחים וועגן פּאַרטייאישקייט זענען פונקט אַזוי אַלט ווי די שול־באַוועגונג גופא, און עס איז פאַרשטענדלאַך פאַרוואָס דאָס איז אַזוי.

די פּאַרטייען — אָפיציעל און אומאָפיציעל — זענען תמיד געווען אין דער שול־באַוועגונג די פאַרוואַלטער און טוער. פּאַר־טייען זוכן מאַכט און איינפלוס, איז דאָך נאַטירלאַך אַז זיי זאָלן ניט קענען מושוה ווערן צווישן זיך און עס זאָלן דערפון אַרויס־קומען קריגערייען. יעדן האָט זיך אויסגעוויזן אַז דער אַנדערער צד ברענגט אַריין זיינע אידייען אין די קלאַסן, באַאיינפלוסט די קינדער אין זיין ריכטונג, און פאַר דעם האָבן פּאַרטיי־לייט זייער מורא. אפילו ווען זיי זאָגן אַז צו באַאיינפלוסן קינדער אויף אַזאַ'ן אופן איז ניט דערציעריש — זייער אַ גערעכטע טענה — מיינען זיי אָבער באמת אָפּצושטויסן דערמיט דעם קעגנערס איינפלוס. ווי מיר זעען, איז דער פּרינציפּ פון אומפּאַרטייאישקייט אין די שולן געבוירן געוואָרן ניט פון קיין פּעדאַגאָגישער נויט, נאָר צוליב

פּראַקטישע טעמים. גוט איז אָבער ווען מען האָט איינגעזען אַז די ראַדיקאַלע וועלט וואו אונזער שול לעבט און פון וואַנען זי ציט איר יניקה, טראָגט אין זיך אַן אַלגעמיינעם גייסט וואָס פאַרמאָגט די גאַנצע באַשטימטקייט מיט וועלכע עס דאַרף לעבן אַ קינדער־שול. ווען מען זאָל אין איר וועלן אַריינטראָגן נאָך מער באַשטימט־קייט, וועלן מיר זיך מוזן אָנשלאָגן אָן קאָנקרעטע פּאַרטיי־פּאַר־צווייגונגען, וואָס האָט ניט, טאָר ניט האָבן, קיין שייכות צו קינדער.

פּרינציפּיעל האָבן מיר, ווי מיר דוכט, בנוגע די דאָזיקע ענינים שוין געהאַט דערגרייכט אַן אַלגעמיינע הסכמה. ווען מען האָט, למשל, פאַרגעוואָרפן די פּועלי ציון אַז אין זייערס אַ שול מאַכט מען די קינדער פאַר ציוניסטן, האָבן זיי ניט געענטפערט אַז דאָס ווילן זיי טאַקע, אַז עס איז גוט אַזוי. ניין, זיי האָבן עס אָפּגעלייקנט און געהאַלטן בלויז פון אַן אַלגעמיין נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון גייסט, ד. ה. דעם גייסט פון דער ראַדיקאַלער וועלט אין וועלכער עס לעבט און ווירקט אונזער שול.

איז זייער טענה געווען אַ ריכטיקע? אדער בכלל: האָט דער אומפּאַרטייאישער פּרינציפּ זיך טאַקע ריכטיק אויסגעאַרבעט אין דער פּראַקטיק? פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז געווען זייער אַ שווערע הלכה. ביי מענטשן וואָס האָבן ניט קיין שול־טראַדיציע הינטער זיך, וואָס האָבן ניט קיין שול־נביא צו וועקן דאָס דערציִע־רישע געוויסן, ביי אַזעלכע מענטשן קען זיך אַזאַ געדאַנק ניט אויסאַרבעטן ווי עס געהערט צו זיין, מאַכט ניט אויס ווי שטאַרק זיי זאָלן עס ניט וועלן. צוליב דעם טאַקע זענען אַרויסגעקומען אַ סך פון די אַמאָליקע קריגערייען. דאָס איז אָבער ניט וויכטיק. מיר האָבן דאָך אין זינען דערהויפּט דעם געדאַנק, די טעאָריע, ניט די פּראַקטיק. און אין דער טעאָריע איז אומפּאַרטייאישקייט שוין באַלד געווען אַן עטאַבלירטער שול־פּרינציפּ.

ווען עס האָבן זיך געעפנט די אַרבעטער רינג שולן, מיט זייערע סאָציאַליסטישע לאָזונגען, האָט זיך דערוועקט אַ באַרעכ־טיקטע מורא, אַז דאָ קעמפט אַ באַשטימטער צד פון אונזער ראַדי־קאַלער וועלט פאַר זיין איינפלוס אויף אונזערע קינדער; אַז דאָ

וויל מען אפווארפן א קוים דערגרייכטן פעדאגאגישן געדאנקען־גאנג, און אויפלעבן די אלטע מיסיאנערישע ליידנשאפט. האט מען זיך, פארשטייט זיך, אנגעהויבן צו פארטיידיקן אנטקעגן דער דאזיקער אידעאלאגיע מיט „אומפארטייאישקייט". און דא איז געקומען דער קלארער ענטפער: א שול קען ניט זיין אומפארטייאיש!

איך מוז מודה זיין אז דאס ווארט „אומפארטייאיש" איז אן אומגעלומפערטער טערמין אויף צו דעפינירן די אידייע פון א שול, ווייל דאס הייסט נאך אלץ אז די פארטיי איז אן אויסגאנג־פונקט צו אונזער ארבעט, און אז די באציאונג צו איר — נעגאטיווע, פאזיטיווע, אדער גלייכגילטיקע — באשטימט דעם גאנג פון דער שול. דאס איז די טראגי־קאמישע פאזיציע פונ'ם אידישן שול־וועזן. אבער וואס קען מען זיך העלפן? אז די פארטיי האלט אין איין רייסן פאר די פאלעס, מוז מען איר זאגן אז מיר האבן מיט איר ניט וואס צו טאן, און אז כטוב לב המלך ביין, מאכט מען דערפון א טעאריע, און פארטיק. מיר פערזענלאך איז אן אומפארטייאישקייט־טעאריע אין שייכות צו דער שול לחלוטין ווידערוויליק, און איך האלט אז מען דארף זיך היטן פון אזעלכע דעפיניציעס פאר שולן. פאראן א העכער ארט פון וואנען צו נעמען דירעקטיוון פאר שול אידייען איידער פון פארטיי אדער „אומ־פארטיי". אבער פונדעסטוועגן ווען מיר באטראכטן די טענה אז א שול קען ניט זיין אומפארטייאיש זעען מיר וואסער טומל עס הערשט אין די מוחות ווען עס קומט צו שול־פראגן.

די טענות פון די פארטייאישע איז אזוי פשוט און קלאר אז אפילו א קינד קען זיי פארשטיין. אזוי ווי די שול איז ארומ־גערינגלט מיט מענטשן וואס ארבעטן אין און ארום איר, און אזוי ווי מענטשן, לעבעדיקע מענטשן, זענען אלע פארטייאיש, ממילא איז דאך דערפון געדרונגען אז א שול מוז אויך זיין פארטייאיש.

מען דארף ניט פארגעסן אז בעת די אלע טענות האבן זיך געלאזט הערן ארום אונזער שול, האט זיך אין אונזער פאליטישער וועלט צעפלאקערט א פארביסענע מלחמה צווישן רעכטע און לינקע. און די אלע טענות זענען געקומען פון מענטשן וואס האבן טיף

געפילט אויף זייערע העלזער די שווערע פינגער און שאַרפע ציינער פון בלוטיקע פּאָליטישע שונאים. אז אזעלכע מענטשן זאָלן אין אומפּאַרטייאישקייט זען בלויז נאַאיוויטעט אָדער ביטערקייט, ליגט זיך גאנץ לייכט אויפ'ן שכל. אָבער אין דער אמת'ן ליגט דאָך דאָ א שרעקלאכע בלינדקייט פון וועלכער עס ווערט פּשוט קאַלט אין די אָדערן. ווי קענען מענטשן — זאָל זיין פּאַרטיי־לייט — וואָס גייען ארום מיט אָפענע אויגן איבער מענטשלאכע גאסן, ווי קענען זיי רעדן אזעלכע דיבורים? בלויז בלינדע, דאָגמאַטישע, פאַרשטיינערטע פּאַרטיי־פאַנאַטיקער זעען ניט איין אז פּאַר־טייאישע מענטשן זענען אין א נישטיקער צאָל אין דער וועלט. דאָס רוב מענטשן זענען אָדער גלייכגילטיק צו אַלץ א חוץ צו די נויטן וואָס ליגן זיי גלייך לעבן נאָז, אָדער זיי זענען קאָנצענטרירט אין געוויסע קולטור־ווינקלען פון דער וועלט, און די אנדערע זענען זיי פרעמד און ניט אינטערעסאנט, אָדער זיי צעהאַקן פּאַרטיי־פראגן אויף קלענערע פראגן, און האָבן צו יעדער פון זיי אן אנדער שטעלונג, ד. ה. בנוגע דערזעלביקער אלגעמיינער פּאַרטיי־פראגע קענען זיי האלטן מיט זעקס פּאַרטייען אין דער־זעלביקער צייט, ווייל זיי זעען אין איר זעקס פאַרשיידענע מאָ־מענטן וואָס יעדער פון זיי פאָדערט א גאנץ באזונדערע שטעלונג.

צו זאָגן אז אלע מענטשן זענען פּאַרטייאיש איז אזא פאלשע אויסטייטשונג פון מענטשלאכער פּסיכאָלאָגיע, שוין באלד ענלאך צו דער טענה אז אלע מענטשן זענען עגאָאיסטיש. דאָס באווייזט בלויז אז דער פּאַרטיי־מאַן זעט בלויז זיין אייגן קליינטשיק ווינקל, און קען ניט זען די וועלט אפילו ווען ער וויל עס מיט'ן גאנצן הארצן. אָבער דאָס איז אייגנטלאך ניט אזוי וויכטיק.

וויכטיק ווערט דער ענין פאר אונז ווען מיר פאַרבינדן די גאנצע פראגע מיט דער שול. איינער פון די פּאַרטייאישע האָט אנומלטן געשריבן אז אומפּאַרטייאישקייט איז אוממעגלאך אין דער שול דערפאר, ווייל סוף כל סוף רעדוצירט זיך די גאנצע זאַך צו דער פערזאָן פון לערער, און א לערער קען ניט זיין אומפּאַר־טייאיש. היינט אויב עס קען ניט געמאָלט זיין קיין „סתם" לערער, ווי זשע קען געמאָלט זיין א „סתם" שול? מען וואָלט אייגנטלאך

געקענט זאָגן וועגן דעם לערער וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט וועגן מענטשן בכלל, אויב מענטשן בכלל קענען זיין אומפּאַרטייאיש, פאַרוואָס ניט קיין לערער? אָבער לאָמיר דאָס פאַרבייגיין, עס וועט אונז זיין אביסל אינטערעסאַנטער זיך אָפּצושטעלן אויף דער „סתמ׳קייט" פונ׳ם „סתם".

עס איז זיכער אמת אז א לערער קען ניט זיין קיין „סתם"־מענטש, אויב אונטער סתם־מענטש ווערט פאַרשטאַנען אַ אידיאָט אָדער אַ מת, אויף אַזוי ווייט בין איך אינגאַנצן מסכים מיט די פּאַרטייאישע. א לערער, ווי יעדער אינטעלעגענטער מענטש, דאַרף האָבן מיינונגען וועגן פאַרשיידענע פראַגן אין דער וועלט. ער קען זיין א וועגעטאַריער, אָדער אַן אַנטי־וועגעטאַריער; אַ אידעאַליסט, א מאַטעריאַליסט, אדער א פּראַגמאַטיסט; א נאַטיוויסט אָדער אַן עמפּיריקער; א טעאיסט, אַן אגנאָסטיקער, אַ מאַרקסיסט, אָדער אַ רעוויזיאָניסט—רבונו של עולם, מאַלע וואָס אַ זינדיקער מענטש קען אַלץ זיין? אָבער אַזוי ווי די פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער פון דער שול רעדוציִרט זיך צו דער פערזענלאַכקייט פון לערער, הייסט עס אַז אַזוי ווי עס קענען ניט זיין קיין „סתם"־שולן, דאַרפן זיי דעריבער זיין אָדער וועגעטאַריש, אָדער פּראַגמאַטיסטיש, נאַטיוויסטיש, אגנאָסטיש, און אַז. וו. זעט מען דען ניט באַשיינ־פּערלאַך אז אַזא געדאַנק איז קינדיש־לעבערלאַך? דער פּאַר־טייאישער וועט אפשר טענה׳ן אז איך מיסרעפּרעזענטיר אים; אַז ער האָט בלויז אין זינען — אונטער „פּאַרטייאיש" — די גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן פון דער וועלט. אבער ווער קען באַשטימען די גרויס און וויכטיקייט פון א פראַגע א חוץ דעם מענטשן צו וועלכן דער גאַנצער שול ענין רעדוציִרט זיך? האָבן מיר דען ניט געזען וועגעטאַריער וואָס דער וועגעטאַריזם נעמט אַרום זייער גאַנצע פּערזענלאַכקייט? און איז ניט פּונקט דאָס זעלביקע אמת וועגן פּסיכאָלאָגישע, פילאָזאָפישע און אַנדערע איבערצייגונגען?

אונזער וועלט — אונזער ראַדיקאַל וועלטל — איז אַזוי אַרים און קליין, אַז מען קען בלויז אייגזען אין אינטעלעקטועלן לעבן פון מענטשן אַ קליינע צאָל ברירות, און ניט מער. א מענטש,

הייסט עס, קען אָדער זיך ציען אין דער סאָציאַליסטישער זייט, אָדער אין דער ציוניסטישער זייט, אָדער אין געוויסע קאָמבינאַציעס פון די צוויי. אָבער אין דער אמת'ן זענען דאָך פאראן טויזנטער ברירות מיט וועלכע א מענטש קען אידענטיפיצירן זיין גאנצע, פולע פערזענלאכקייט. ווען מען פרעגט ביי אונז וועגן דער כאראקטעריסטיק פון א געוויסן טיפ שול, מיינט מען, געוויינטלאך: צו וועלכע פון די צוויי־דריי ברירות געהערט זי? אבער דערין איז שולדיק אונזער טויטנדיקע גייסטיקע ארימקייט. עס איז אמת אז אונזער גאנצע אידיש־וועלטלאכע אינטעלעגענץ שטאמט אָפּ היסטאָריש פון דער טעטיקייט פון אונזערע ראדיקאלע פארטייען. אָבער פון דעם איז נאָך ניט געדרונגען אז די עטלאכע ברירות וואָס די פארטייען גיבן אונז שעפּן אוים אלע מעגלאכקייטן פון אידייען און אידעאלן וואס א מענטש קען האָבן.

מיט איין וואָרט: א ן א ו מ פ א ר ט י י א י ש ע ר מ ע נ ט ש א י ז נ י ט א מ ע נ ט ש אָ ן מ י י נ ו נ ג ע ן, נ אָ ר א מ ע נ ט ש ו ו אָ ס ז י י ן ג ע ד א נ ק ע ן ־ ל י נ י ע פ א ל ט נ י ט צ ו נ ו י ף מ י ט ד י ג ע ד א נ ק ע ן ־ ל י נ י ע ס פ ו ן ד י פ א ר א נ ע נ ע פ א ר ט י י ע ן. און אזעלכע מענטשן זענען דער רוב מנין און דער רוב בנין פון דער גאנצער אינטעלעגענטער און געבילדעטער מענטשהייט. אויב מען וויל דוקא די דאָזיקע מענטשן אָנרופן „סתם"־מענטשן, וועט פאר אונז גאר ניט זיין קיין אום'כבוד צו געהערן צו זיי. מיר וועלן זיך געפינען איז א זייער פיינער געזעלשאפט.

שוין אכט יאָר צייט זינט די אַגיטאַטאָרן פאר „סאָציאַליסטישן" שולן האָבען אוועקגעלייגט דעם פארטייאישן „מוז" אויף די אַקסלען פון יעדען לעבעדיקען מענטשן. האָבן זיי כאָטש אין זייער ארבעט דערוויזן די ריכטיקייט פונ'ם דאָזיקן געדאנק? אויב אַזוי, פון וואנען נעמט זיך איצט דער שול־נעץ וואָס רופט זיך „אומפארטייאישע ארבעטער רינג שולן"? גאָט האָט זיך דאָ נוקם געווען אויף א שרעקלאכן אופן. די זעלביקע מענטשן וואָס האָבן רק געשריגען אַז יעדע שול מוז זיין פארטייאיש, האָבן —

בעת זיי זענען אוועק פון די אַלגעמיינע אַרבעטער רינג שולן — צוגעטשעפּעט צו זייער אָרגאַניזאַציע דעם נאָמען „אומפּאַרטייאישע“. די גאַנצע שפּאַלטונג איז טאַקע אַרויסגעקומען צוליב דעם וואָס, ווי זיי טענה'ן, זיי האָבן ניט געקענט אַריבערטראָגן די פּאַרטייאישקייט פון אַרבעטער רינג אָפּים.

דער אָפּים וויל שולן — זאָגן זיי — אונטער'ן קאָנטראָל פון די רעכטע, אָבער זיי האַלטען אַז שולן דאַרפן זיין ניט רעכט און ניט לינק, נאָר אומפּאַרטייאיש, דאָס הייסט אַז בנוגע ריכטונגען אין סאָציאַליזם קען מען טאַקע זיין אומפּאַרטייאיש, אָבער צווישן אַלגעמיינעם ראַדיקאַליזם און סאָציאַליזם אין שולן קען קיין אומפּאַרטייאישקייט ניט זיין. דער טעם דערפון איז מסתמא דאָס וואָס בנוגע ריכטונגען אין סאָציאַליזם, איז דאָך עס אַ פראַגע פון טאַקטיק, אָדער מיטלען, ניט פון צילן. אָבער אין אַנדערע פאַלן איז דער חילוק אין די צילן גופא.

עס איז, דוכט מיר, גענוג צו געבן איצט אַ קוק אַף דער וועלט, כדי איינצוזען ווי ווייט מען דאַרף זיין פון לעבן צו האַלטן, אַז צווישן לינק און רעכט איז גאַנץ לייכט אויפצוהאַלטן אַ מיטעלע פּאָזיציע. די וואָס לעבן אין אַמעריקא און זעען מיט די אייגענע אויגן אַז צווישן לינקע אָדער רעכטע ריכטונגען פון איין זייט און דער אַלגעמיין ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, פון דער אַנדערער, איז פאַראַן אַ גאַנץ גוט לעבן, בעת צווישן לינקע און רעכטע ווערגט מען זיך און מען שעכט זיך בפני כל עם ועדה. די וואָס זעען דאָס אַלץ און האַלטן דאָך אַז אַלגעמיינער סאָציאַליזם („סתם־סאָציאַליזם“) איז אַ מעגלאַכע אידעע, און אַלגעמיינער ראַדיקאַליזם (וואָס זאָל אַריינגעמען אויך סאָציאַליסטישע ריכטונגען) איז אוממעגלאַך — די וואָס האַלטן אַזוי, לעבן באַ זיך אין אַ געדאַנקען־קאַבינעט, ניט אין דערווירקלאַכער וועלט.

אויב ווידער די מיטעלע פּאָזיציע צווישן לינק און רעכט זאָל האָבן אַ שייכות צו דער טעאָריע, ניט צו דער פּראַקטיק, דאַרף מען זיין שרעקלאַך ווייט פון דער טעאָרעטישער וועלט ניט איינצוזען די נאָענטע קרובה'שאַפט צווישן טאַקטיק און ציל. אויב

מען דאַרף אין דער שול זיין פּאַרטייאיש — אפילו פון אַ „סתם" סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, — איז היינט כמעט ניטאָ קיין שום דערשיינונג בנוגע וועלכער לינקע און רעכטע זאָלן ניט האָבן קיין באַזונדערע אויפפאַסונגען וואָס שליסן זיך אָפּט אויס איינס ס'אַנדערע. ווי זשע קען אַ לערער, אין אַזעלכע פאַלן, פאַרנעמען אַ מיטעלע פּאָזיציע, אַ פּאָזיציע וואָס איז אויף דער וועלט ניטאָ?

די פּאַסירונגען אין דער סאָציאַליסטישער וועלט האָבן קלאָר דערוויזן, אַז אויב אומפּאַרטייאישקייט איז אוממעגלאַך, דאַמאָלט איז עס אין די גרענעצן פון סאָציאַליזם גופא נאָך ווינציקער מעגלאַך סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש. דער חסרון פון די „אַלגעמייז־סאָציאַליסטן" באַשטייט אין דעם וואָס זיי זעען אין סאָציאַליזם אַן איינהאַטלאַכן, עלעמענטאַרן באַגריף, וואָס שטייט ווי אַ באַזונדער אידיאָלאָגיש איינסל אַנטקעגן דער גאַנצער איבער־ריקער וועלט פון סאָציאַלע באַגריפן און אידעען. זיי זעען ניט די פאַרשידענע קאָלירן און ניואַנסן פון עקסטרעמען סאָציאַליזם ביז'ן עקסטרעמען קאָנסערוואַטיזם. עס איז דעריבער מעגלאַך אַז ווען היסטאָרישע פּאַסירונגען זאָלן מאַכן אַ שפּאַלטונג אין אַ פריער־אָנגענומענעם איינהייטלאַכן סאָציאַליסטישן געדאַנקען־גאַנג, זאָלן דעמאָלט געוויסע סאָציאַלע אויפפאַסונגען — וואָס זענען ניט געבוירן געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — זיך געפינען ווייטער פונ'ם קאָנסערוואַטיוון ברעג ווי אַזעלכע וואָס שטאַמען אָפּ דירעקט פון סאָציאַליסטישן דענקען. אין דער ווירקלאַכקייט איז סאָציאַליזם קיינמאָל ניט געוועזן קיין עלע־מענטאַרער, איינהייטלאַכער באַגריף, סיידן מען האָט אין זינען די מיטאָלאָגישע קינדער־גאָרטן סאָציאַליסטן, פאַר וועלכע דער דאָזיקער אידעאַל איז בלויז אַ מאָדערנע ווערסיע פון „תחית המתים" און „משיח'ם צייטן", אַזוי ווי דער רבי האָט זיי געמאָלן אין חדר.

פאַר די דאָזיקע וואָס קוקן פון אַ פּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט וואָלט „סתם סאָציאַליזם„ געדאַרפט זיין פּונקט אַזוי אוממעגלאַך ווי „סתם־שולן". איז אָבער די צרה וואָס זיי האָבן זיך צופיל

אריינגעטאן אין די שולן צו זיין קאנסעקווענט אין פארטייאישן סאציאליזם, און צו ווייט פון דער קינדער־פסיכאלאגישער דענק־געוואוינהייט כדי זיך צו לאזן פירן פון אן אויסגעהאלטענער דערציערישער אריענטאציע.

.3

## די ראלע פונ'ם לערער'ס „באלייכטונגען".

די שפאלטונג אין דער שול־סיסטעם פון ארבעטער רינג האט דער שול באוועגונג קיין געזונט ניט צוגעגעבן. און זאל קלאר פארצייכנט ווערן, אז אין די אלע מחלוקת'ן ארום דער שפאלטונג איז קיין איינציקע עכטע שול־פראגע ניט געווען פארוויקלט. קענט איר זיך פארשטעלן א בלוטיקע אפעראציע אין א באוועגונג צוליב טעמים וואס האבן מיט דער באוועגונג גופא לחלוטין ניט וואס צו טאן? אבער דאס מוז פארקומען אין א באוועגונג וואס זעגלט ניט אונטער איר אייגענער פאן. און אויב מען רעדט וועגן „גייסט" פון די שולן, און דאס זאל הייסן דער גייסט פון די דערוואקסענע טוער און לערער — און ווער רעדט נאך אזוי פיל פון דעם סארט „גייסט" ווי די פארטיידיקער פון פארטייאישן שטאנדפונקט — איז אויב מען האט דאס אין זינען, דעמאלט האבן מיר שוין מער ניט קיין „סתם־סאציאליס־טישע" שולן, נאר לינקע שולן און רעכטע שולן.

אבער לאמיר זיך נאך אויף א ווײַלע אומקערן צו דער פראגע וועגן דעם אז יעדע שול מוז זיין פארטייאיש. געוויינט־לאך ברענגט מען א ראיה פון דער פאבליק סקול. אט זאגט די פאבליק סקול אז זי איז א שול פאר אלעמען, אז זי האט ניט קיין פארטייאישן אונטערשלאק, און דאך איז זי אפן קאפ־פיטאליסטיש. און דא קומט דער אומפארמיידלאכער ביישפיל וועגן דער פארטייאישער שטעלונג פון פאבליק סקול לערער צו א סטרייק. אין דער אמת'ן איז דאס א פאלשער צוגאנג צו דער פראגע. וואָרים די גאנצע מחלוקת שפילט זיך דאך אפ אין דער אידישער וועלט. וואלט מען געדארפט דערוויזן אז די

וואָס שטעלן זיך איין באַ אונז פאַר אַן אומפּאַרטייאישן פּרינ־ציפּ פירן דורך אין זייער אייגענער פּראַקטיק אַ ריין־פּאַרטייאישע ליניע. פאַרוואָס זשע ווערט דאָס ניט געטאָן? ווען אפילו אַלץ וואָס מען זאָגט וועגן דער פּאַבליק סקול זאָל זיין אמת, פאַרוואָס זאָלן פאַר דעם זיין פאַראַנטוואָרטלאַך די וואָס ארבעטן אין אונזער שול־באַוועגונג און זענען קעגן יעדער פּאַרטיי־אישקייט? און אויב מען וויל דוקא אָפּעדירן מיט אַרגומענטן וואָס באַציען זיך אויף ניט־אידישע שולן, איז וואָס־זשע טוט מען אָבער מיט די אַזויגערופענע עקספּערימענטאַלע שולן?

עס איז איצט שוין כמעט יעדן באַקאַנט אַז מיר האָבן היינט אין יעדער ציוויליזירטער מדינה אַזעלכע שולן וואָס זענען ניט צופרידן מיט די עקזיסטירנדיקע וועגן אין בילדונג און דערציאונג, און זוכן נייע מעטאָדן און נייעם אינהאַלט. אַלע וויכטיקע און גרויסע נייאיקייטן וואָס ווערן אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט אין דער מאָדערנער דערציערישער וועלט, שטאַמען פון דער ארבעט פון אָט די שולן. ווען מיר נעמען אַזעלכע גוואַלטיקע אויפטואונגען ווי אַן ארבעט־פּראָגראַם, די דאַלטאָן סיסטעם, די פּראָיעקטן־מעטאָדע, די סאָציאַליזירטע אַקאַדעמישע ארבעט, און נאָך, און נאָך, זעט מען וואָסערע אומגעהייערע פאַרדינסטען עס האָבן די דאָזיקע שולן פאַר די נייע וועגן אין דערציאונג פון קינדער אויף דער גאַנצער וועלט. זייער לאָזונג איז צו פאָרשן, זוכן, נישטערן, וועגן, מעסטן — כדי די נייע מעטאָדן און אינהאַלטן זאָלן ניט זיין געבויט אויף „גייסט" און גוטן ווילן, נאָר אויף אָביעקטיווע רעזולטאַטן וואָס ווערן דער־גרייכט אויפ'ן לאַנגן, שווערן וועג פון עקספּערימענטאַלער ארבעט.

און מען דאַרף ניט מיינען, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט איינער אָדער צוויי שולן אין אַ לאַנד. עס זענען פאַראַן אַ סך מער קינדער אין די עקספּערימענטאַלע שולן אין אַמעריקאַ, ווי אין אַלע אונזערע אַמעריקאַנער אידישע שולן צוזאַמען גענומען. ענלאַכע שולן זענען פאַראַן אַ היפּשע צאָל אין ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיען, שווייץ, און וואו ניט? נו, זענען אָט די שולן אויך פּאַרטייאיש? די ראיות וואָס מען

ברענגט פון דער פּאַבליק סקול קען מען זיכער ניט אָנווענדן אויף זיי. ביי זיי קען מען זיכער ניט זאָגן אַז דער לערער פאַר'סמ'ט די קינדער מיט זיין שטעלונג צו אַ סטרייק. דער אמת איז, אַז ווען עמיצער זאָל די דאָזיקע שולן באַשולדיקן אין „פאַר'סמ'ען דורך דער שטעלונג פונ'ם לערער" וואָלט ער דערמיט בלויז דערוויזן, אַז ער האָט ניט דעם מינדסטן באַגריף אין וואָס עס באַשטייט זייער ארבעט; וואָסערע אויפגאַבן זיי שטעלן זיך אין דערציאונג.

בלייבט די קשיה: וואָס טוט מען מיט'ן פּאַרטייאישן פּרינציפּ בנוגע די עקספּערימענטאַלע שולן? פאַרוואָס ברענגט מען בלויז ראיות פון דער פּאַבליק סקול און ווענן זיי דערמאָנט מען אַ וואָרט ניט. לאָמיר דאָס גוט פאַרשטיין, דער פּרינציפּ אַז אַ שול קען ניט זיין אומפּאַרטייאיש איז דאָך ניט געבוירן געוואָרן אין דער נאַקעטער פּראַקטיק. מען האָט זיך דאָך ניט צוגעקוקט צו אַלע שולן פון דער וועלט און געקומען צום שלום — אויפ'ן באָדן פון אַן אויסגעפּאָרשטער פאַקטישער לאַגע — אַז אַלע זענען זיי פּאַרטייאיש. דאָ האָבן מיר דאָך צו טאָן מיט אַ טעאָריע וואָס מען האָט אויסגעשפּונען אין קאָפּ און געשטיצט אויף געוויסע פילאָזאָפישע הנחות, אַזוי צו זאָגן. אַזאַ טעאָריע וואָלט באַדאַרפט אויספּרובירן איר ריכטיקייט אויף די צווייפל־האַפטסטע פּונקטן, און דאָס זענען בלי ספק די עקספּערימענטאַלע שולן. אַזוי לאַנג ווי דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן, האָבן דאָך די פאַרטיידיקער פון דער טעאָריע זיך אַליין געדאַרפט חושד זיין אַז אפשר האָבן זיי געצויגן אַ האַסטיקן שלום פון אויבער־פלעכלאַכע באַאָבאַכטונגען. נאָך אַלעמען איז דאָך אַ טעאָריע אויך ניט קיין הפקר זאַך, וואָס מען קען מיט איר טאָן וואָס מען וויל אָן שום אחריות צום אייגענעם געוויסן און צו דער באַוועגונג אין נאָמען פון וועלכער מען רעדט. בפרט נאָך, ווען דאָס איז אַ טעאָריע וואָס פאָדערט געוויסע מעשים, און שאַפט אפילו בייז בלוט צווישן מענטשן. מען קען דאָך ניט סתם זיך געבן אַ זאָג: אַ שול קען ניט זיין אומפּאַרטייאיש — ווייל אַזוי זאָגט צאַראַטוסטראַ. מען דאַרף דאָך באַווייזן.

פרעגט זיך: וואָס איז געטאָן געוואָרן כדי צו דערווייזן די ריכטיקייט פון דער טעאָריע אויף דער גאַנצער ליניע?

מען קען אפילו גאַנץ לייכט זאָגן, אַז די עקספּערימענטאַלע שולן זענען אויסנאַמען. מילא, אין סאָציאָלאָגישן טעאָרעטיזירן זענען מיר שוין געוואוינט געוואָרן צו אָפּערירן מיט אויסנאַמען. און אונזערע פּאַרטייִדיקער פון פּאַרטייִאישקייט — אויף וויפיל זיי האָבן בכלל אַ וויסנשאַפטלעכע טראַדיציע — שטאַמט זי פון סאָציאָלאָגישן, ניט פון פּעדאַגאָגישן, און זיכער ניט פון פּסיכאָלאָגישן לאַגער. איז מילא, זאָל זיין אַן אויסנאַם. כאָטש אין אונזער פאַל לייגט זיך עס אפילו שווער אויף׳ן שכל ווי אַזוי מען קען מאַכן אַן אויסנאַם פון הונדערטער שולן, וואָס זייער צאָל האַלט אין איין גרעסער ווערן כמעט מיט יעדן טאָג. וואָרים אויב די שולן וואַקסן, און מען קען זיי ניט צוטשעפּען צו פּאַרטייִאישקייט, הייסט עס אַז עס איז פאַראַן אַן „אומ־פּאַרטייִאישער" שול־פּרינציפּ, וואָס איז ניט בלויז לאָגיש, נאָר אויך פּראַקטיש מעגלאַך. אַ טעאָריע וואָלט אייגנטלאַך ניט געדאַרפט זיך פאַרגינען דעם לוקסוס פון איגנאָרירן אַזעלכע פּשוט׳ע, לעבעדיקע פאַקטן, וואָס שטעכן די אויגן.

נאָר מילא, זאָל מיינס איבערגיין, זאָל זיין אַן אויסנאַם. איז אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָל דער זעלביקער אייסנאַם ניט זיין מעגלאַך אין אונזער אידיש־וועלטלאַכער שול? די מעגלאַכע טענה אַז מיר קענען זיך ניט פאַרגלייכן צו די עקספּערימענטאַלע שולן, אַז מיר זענען אָרים, אַז מיר האָבן ניט קיין מאַטעריעלע מעגלאַכקייטן, אַז מיר זענען ניט קיין גאַנצע שולן, נאָר בלויז נאָכמיטאָג־שולן, די דאָזיקע טענות האָבן פּשוט קיין שייכות ניט צום ענין. ווען מיר זאָלן זאָגן אַז מיר ווילן אין אונזערע שולן איינפירן די אַלע טעטיקייטן, און אָנפירן פאָרשונגען אויף׳ן זעלביקן ווייט־גייענדיקן און גרינטלאַכן אופן, ווי עס ווערט געטאָן אין די עקספּערימענטאַלע שולן, ווען מיר זאָלן דאָס זאָגן, וואָלט מען דעמאָלט געקענט אונז אָנווייזן אויף אונזער מאַטעריעלער אָרימקייט, אויף דעם פאַקט, אַז מיר זענען בלויז נאָכמיטאָג שולן, א. ד. ג. אָבער דאָ האַנדלט זיך דאָך איצט גאָר וועגן

עפּעס אנדערש. דאָ האנדלט זיך דאָך וועגן אַ „גייסט" אָדער אַ „אידיאָלאָגיע", און די דאָזיקע ארטיקלען קען זיך אויך אַן אָרימאַן פארגינען אפילו אין דער איצטיקער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. פּאַרוואָס זשע, ווען עמיצער וויל אריינברענגען אַזאַ גייסט אין אונזער שול, שרייט מען אַז ער פּאַרטיידיקט „סתם־שולן", וואָס דאָס איז אוממעגלאַך, בעת אין דער גרויסער וועלט, באַ די אומות העולם, האָט מען נאָך דערוויילן ניט אָפּגעלייקנט די מעגלאַכקייט פון די וויכטיקסטע און ליכטיקסטע „סתם־שולן", וואָס מיר האָבן איצט באַ אַלע מאָדערנע פעלקער, די עקספּערימענטאַלע שולן?

איך פיל באַמת, אַז מען דאַרף מיר מוחל זיין פאַר באַשעפטיקן זיך אַזוי פיל מיט דער פראַגע פון פּאַרטייאישקייט, אַן ענין וואָס איז באַ די האָר אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער שול־באַוועגונג בלויז צוליב דער אומגליקלאַכער געזעלשאַפטלאַכער לאַגע און דער אינטעלעקטועלער הינטערשטעליקייט פון'ם גאַנצן ראַדיקאַלן וועלטל אונזערן בנוגע פּראָבלעמען אין דערציאונג. מיר וועלן נאָך שפּעטער זוכן פעסטצו־שטעלן וואָס אייגנטלאַך אַ שול דאַרף זיין, און דעמאָלט וועלן מיר זען ווי אַזוי אַן אמת'ע שול־טעאָריע, און שול־פּראַקטיק, דאַרף ניט, און טאָר ניט אָנקומען צו „פּאַרטייאישקייט" אָדער „אומפּאַרטייאישקייט", כדי קלאָר צו מאַכן אירע מעטאָדן און צילן. אַ שול מוז האָבן איר אייגענעם וועג, וואָס האָט מיט די פּאַרטייען לחלוטין ניט וואָס צו טאָן, כאָטש זי דאַרף זיין, מוז זיין און איז דורכויס געזעלשאַפט־לאַך, און מען דאַרף תמיד פילן אין איר דעם וואַרעמען אָטעם פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

פאַראַן אָבער נאָך אַן ענין אין פאַרבינדונג מיט פּאַרטיי־אישקייט, וואָס מיר טאָרן באַיין אופן ניט דורכלאָזן. לאָמיר אויף אַ ווײַלע צוגעבן, אַז יעדער מענטש איז פּאַרטייאיש, אַז קיין אומפּאַרטייאישע זענען גאָר ניט בנמצא. וואָס זשע איז דערפון געדרונגען? איז דעריבער געדרונגען, אַז יעדע שול מוז זיין פּאַרטייאיש? אונזערע פּאַרטיי־לייט זאָגן אַז יאָ, ווייל

די שול רעדוצירט זיך סוף כל סוף צו די דערוואַקסענע, וואָס ארבעטן אין איר, און אויב די טוער און לערער זענען פּאַרטייאיש, מוז דאָך שוין ממילא די שול אויך אזוי זיין. דאָ שיינען פאַר אונז ארויס דריי פּונקטן, אויף וועלכע עס לוינט זיך אָפּצושטעלן.

קודם כל, אויב עס האנדלט זיך בלויז וועגן די דערוואַקסענע ארום דער שול, און דערהויפּט וועגן דעם לערער, האָט מען דאָך געקענט פּראָסט פּשוט זאָגן, אז די לערער פון די שולן דאַרפן זיין סאָציאַליסטן, און מיר פּאַרלאַנגען פון זיי אז זיי זאָלן זיך פריי אויסלעבן אין די קלאַסן. אזוי שנעל ווי דער דאָזיקער פּרינציפּ ווערט פעסטגעשטעלט, דעמאָלט „וועט דאָך שוין דאָס איבעריקע אכטונג געבן אויף זיך אליין", ווי מען זאָגט אין ענגליש. דעמאָלט וואָלט מען שוין אפילו געקענט יוצא זיין אויך פאַר דער פּעדאַגאָגישער וויסנשאַפט מיט א ריין־דער־ציערישער לאָזונג, ווייל עס איז דאָך קלאָר, אז דער סאָציאַליסט וועט שוין ווייסן וואָס מען דאַרף טאָן אין קלאַס. ער וועט דאָך זיכער זיין איינפלוס ניט אונטערדריקן, ווען ער איז געבעטן אים צו באַנוצן.

צווייטנס, אויב מיר האָבן שוין צו טאָן מיט'ן לערער, ווי אין די פּאַרטיי־לייט ניט איינגעפּאַלן אז „סתם־סאָציאַליזם" איז דאָ א נאַאיווע אוטאָפּיסטישע אידיליע? אָט, למשל, איז פאַראַן אזא זאַך, ווי שמועסן מיט די קינדער וועגן וועלט־נייעס. די „סתם־סאָציאַליסטן" שטרייכן אזוי שטאַרק אונטער דעם דאָזיקן מאָמענט, אז אויף א שול־צוזאַמענפאָר פון ארבעטער רינג, איז די גאַנצע סאָציאַליסטישע טעמע אוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער אָט דעם פּונקט. נו, ווייסן מיר אָבער אז היינט פיגורירט סאָוועטן רוסלאַנד, למשל, זייער שטאַרק אין די וועלט נייעס. וואָס זאָל דער לערער דעמאָלט טאָן? וואָסער „באַלייכטונג" זאָל ער געבן?

איך האָב אוועקגעשטעלט דאָס וואָרט באַלייכטונג אין פרעמד־צייכנס צוליב גאַנץ גוטע אורזאַכן. היינט רעדט מען שוין ניט וועגן פּראָפּאַגאַנדע אין די שולן. דאָס האַלטן שוין אלע פאַר „פע", פאַר ניט פּעדאַגאָגיש. היינט ווערט די אלטע

יענטע געשליירט אויף א נייעם אופן; עס הייסט שוין ניט פּראָפּאַגאַנדע, נאָר „באַלייכטונג". איז טאַקע וואָס זאָל דער אָרימער לערער נעבאך טאָן מיט „באַלייכטן" די דערמאָנטע נייעס. וועט דאָ אויך זיין גענוג צו זאָגן, אז ער זאָל געבן א „סאָציאַליסטישע באַלייכטונג"? און וואָס וועט ער טאָן מכח אינפאָרמירן די קינדער וועגן דעם גאַנג פון א סטרייק, ווען היינט צו טאָג איז די ראָלע פון די לינקע און די רעכטע אין א סטרייק ניט ווינציקער וויכטיק — פון געזעלשאַפטלאכן שטאַנדפּונקט — ווי דער סטרייק גופא? וועט דאָ אויך זיין גענוג צו זאָגן „סאָציאַליסטישע באַלייכטונג", און פּאַרטיק? אָדער אפשר זאָל מען אין די שולן ניט רעדן וועגן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד און סטרייקן כדי ניט צו שטעלן דעם „סתם־סאָציאַליזם" אין א פאַרלעגנהייט?

אָבער לאָמיר גלייכער איבערגיין צום דריטן און וויכטיקסטן פּונקט. איז עס טאַקע אמת, אז דער גייסט וואָס דאַרף הערשן אין א שול, רעדוצירט זיך צו די סאָציאַלע איבערציינגונגען פון'ם לערער? דאָ אייגנטלאך ליגט דער גאַנצער הונט באַגראָבן.

ווען עס וואָלט געווען אויף דער וועלט אַן אויסגעאַרבעטע „מעטאָדאָלאָגישע" וויסנשאַפט, וואָלט דאָס געדאַרפט זיין איינער פון אירע הויפּט־פּרינציפּן. דער לערער, וואָלט עס געהייסן, קומט אריין אין שול מיט א פולן בויך מיט פּאַרטיקן „גייסט", און ער גיסט אים אריין אין דער פּוסטער כלי, וואָס מען רופט קינדער. אויף אזא'ן אופן קומען מיר ווידער צוריק צום אַלטן געדאַנק וועגן א הייליקער תורה פון איין זייט און נאַקעטע שטיקלאך עקזיסטענצן (קינדער), פון דער אַנדערער זייט. פאַר־שטייט זיך, אז א פּוסטע כלי קען קיין גייסט ניט האָבן און קען גאָרניט בייטראָגן דערצו. ממילא מוז זיך אַלץ רעדוצירן צום לערער.

מען זאָל אזוי איגנאָרירן דעם וויכטיקסטן צד פון'ם פּעדאַ־גאָגישן שידוך, די קינדער; מען זאָל אזוי זיין בלינד צום

איינגנאַרטיקן גייסט, צו דער ספּעציעלער אויפפאַסונג פון וועלט־פראַגן, וואָס קינדער ברענגען אַריין אין שול; מען זאָל נאָך איצט זאָגן, אַז דער גייסט פון אַ שול ווערט באַשטימט, און דאַרף באַשטימט ווערן, בלויז פון׳ם לערער, דאָס איז אַ קאָמישער באַגריף, וואָס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר אַ פּעדאַגאָגישן וויץ־בלאַט. און וואָלט דאָס באמת אַזוי פאַרגעקומען אין די אַזוי־גערופענע סאָציאַליסטישע שולן, וואָלטן מיר זיי אינגאַנצן געדאַרפט אויסמעקן פון׳ם רייסטער פון דערציאונג־אינסטיטוציעס. מיר וואָלטן בלויז געקענט זאָגן אַז דאָס זענען פּלעצער, וואו ערלאַכע און אויפריכטיקע מענטשן, וואָס פילן טיף דאָס אומגליק פון דער וועלט, קומען זיך אָראָפּרעדן פון הארצן. דאָס וואָס אין די דאָזיקע פּלעצער זיצן קינדער, דאָס איז בלויז אַ צופאַל. זיי וואָלטן געטאָן און געזאָגט דאָס זעלביקע ווען דאָרטן זאָלן זיצן דערוואַקסענע מענטשן אָדער ליאַלקעס. אַז עס טוט ווי שרייט מען, ווער האָט געדולד זיך דעמאָלט אָפּצוגעבן מיט פראַגן וואָס עס וועט אַרויסקומען פון׳ם דאָזיקן געשריי. און ווען זיי וואָלטן געזאָגט אַז זיי מיינען טאַקע צו דערציען, און דאָס רעכענען זיי דורכצופירן מיט דער הילף פון זייערע „באַלייכ־טונגען“, — ווייל די פּראָגראַם גופא איז דאָך כמעט די זעלביקע אין אַנדערע שולן אויך — וואָלטן מיר זיי בלויז געקענט האַרציק באַדויערן.

איז אָבער אַ גליק וואָס די גאַנצע מעשה איז אַ נעכטיקער טאָג. זייער פּראַקטיק איז אַ סך בעסער פון דער טעאָריע. אויף די מיטינגען זייערע הערשט טאַקע דער גייסט פון די דערוואַקסענע, ד. ה., אַ גייסט וואָס איז אייגענטלאַך אַ רייפער סך הכל פון לאַנג־אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען און ידיעות. אָבער אין קלאַס, דאָרט ווערט דער לערער גאָר אַן אַנדער מענטש, אויב ער איז נאָר אַ ל ע ר ע ר. דאָס וואָס מען טוט און וועגן וואָס מען רעדט אין קלאַס — ווען מען וויל עפּעס אויפטאָן און ניט בלויז אַראָפּרעדן זיך פון הארצן — ווערט באַשטימט פון אַ שייכות סיסטעם, אַ מין קאָמבינאַציע אין וועלכע עס גייט אַריין סיי די פּערזענלאַכקייט פון׳ם לערער סיי דער גייסט־

צושטאַנד פון די קינדער. און אַט די קאָמבינאַציע האָט לחלוטין אַן אַנדער אויסזען ווי דער גייסט פון לערער ווען די קינדער זענען ניטאָ דערביי.

יעדער איינער, וואָס האָט בייגעוואוינט אַ קלאַס אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַ פּייאיקן לערער, וועט גלייך דערפילן דעם אמת פון די דאָזיקע רייד. עס איז לחלוטין ניט אמת, אַז אַ לערער קען אריינברענגען אין קלאַס די וועלט־נייעס, וועלכע אים וואָלט זיך וועלן און אַזוי אָפּט ווי אים וואָלט זיך וועלן. יעדער לערער ווייס אַז בעת ער רעדט וועגן אַ געזעלשאַפטלאַכער דערשיינונג, אינטערעסירן די קינדער מער די „נייטראַלע" ידיעות וואָס ער גיט אין משך פון זיין רעדן איידער זיין „באַלייכטונג", סיידן זיין „באַלייכטונג" באַשטייט אין שטאַרק אַפּעלירן צו די עמאָציעס. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ לערער איז געבונדן מיט אַ „פּרינציפּ", וועט ער ארויסשטופּן מער זיך אַליין איידער די „זיך קינדער" קאָמבינאַציע. אָבער ווי לאַנג קען דאָס אָנהאַלטן? ווי לאַנג קען דער לערער מקריב זיין מיט ווערן ארויסגעשטויסן פון קלאַס־גייסט און זיין בלויז אַ פּיזישע צוטשעפּעניש, וואָס באַוועגט זיך און שרייט? די פּראָצעסן, וואָס דריקן זיך אויס אין געבן קאָנקרעטע ידיעות, און די שפּילערישע, שאַפערישע און פאַרווײלנדיקע טעטיקייטן פאַרנעמען דעם גרעסטן פּלאַץ אין יעדער שול, און די דירעקטע „באַלייכטונגען" שפּילן באמת די אומוויכטיקסטע, נישטיקסטע ראָלע. ווען אַ לערער טוט ניט זיין אַרבעט אין איינקלאַנג מיט דעם, מוז ער פריער אָדער שפּעטער קומען דערצו, אויב זיין „סאָציאַליסטישער פּרינציפּ" האָט נאָך איבערגעלאָזן אין אים אַ כזית לערער. פאַרשטייט זיך, ער וועט זיך גאַנץ לייכט קענען טרייסטן מיט דעם געדאַנק, אַז די דאָזיקע אַלע טעטיקייטן, וואָס האָבן, אין פּלוג, אַ „נייטראַלן" אויסקוק, האָבן אין דער אמת'ן אַ גרויסן סאָציאַליסטישן ווערט (אויף וויפיל דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" קען האָבן אַ שייכות ניט בלויז צו אַ געוויסער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג, נאָר אויך צו אַ געוויסן מענטשן־טיפּ). און דערמיט בין איך פולשטענדיק מסכים. דאָ, אין די דאָזיקע כסדר'דיקע „נייטראַלע"

פאַרמען פון אויפפיר און טעטיקייט, דאָ ליגט דער גרויסער, גרעסטער סוד פון דערציאונג, ווייל דאָ און בלויז דאָ, איז מעגלאך מיט דערפאָלג צו אנטוויקלען דעם קינדער־לערער גייסט, וואָס דאַרף זיין דער איינציקער הערשנדיקער גייסט אין אַ שול.

ווי עס שרייבט עלסי ריפלי קלאַפּ, בעת זי האָט איבער־גענומען אַן אַלטע שול כדי זי צו מאָדערניזירן: „מיר זענען אויף אַזאַ'ן אופן געקומען צו באַגריפן און טעטיקייטן אין וועלכע מיר וואָלטן ווינציק וואָס אויפגעטאָן ווען ניט די קינדער. וואָרים זייער ניט וויסן פון מורא, זייער רייסן זיך צו אַנטדעקן, זייער פאַרשטענדניש און פייאיקייט פאַר קאָנסטרוקטיוון דענקען, זייער פרישער באַגער צו וויסן, זייער שאַפנדיקע פאַרשטעלונג, און, מער פון אַלץ, זייער שמחה ווען מען לאָזט זיי שפּילן אַ פרייע ראָלע אין זייער אייגענער דערציאונג, זוכן בייצוקומען אונזערע עלטערע פייאיקייטן, און העלפן אונז אין אַלץ וואָס מיר קענען טאָן". ניט דער גייסט פונ'ם לערער, ניט די הוילע אומרייפקייט פון די קינדער, נאָר די קאָמבינאַציע פון די פּאָזיטיווע זייטן פון ביידע צדדים — וואָס איז קיינמאָל ניטאָ אין די רייד באַ פאַרזאַמלונגען פון דערוואַקסענע — אָט דאָס באַשטימט דעם גייסט פון יעדער אמת'ער דערציענדיקער שול.

עס איז פאַראַן בלויז איין איבערצייגונג, וואָס געהערט דעם לערער אַליין, וואָס שפּילט אין דערציאונג אַן אומגעהייער וויכטיקע ראָלע. דאָס איז זיין איבערצייגונג וועגן דער ראָלע פון איבערצייגונגען און דערציאונג. אויב ער האָלט די דאָזיקע ראָלע פאַר זייער אַן אָנגעזעענע אין דער מעגלאַכער אַנטוויקלונג פון אַ בעסערן קומענדיקן דור — אַפילו פון אַ סאָציאַליסטישן דור — וואָלט עס אַ סך גלייכער געווען סיי פאַר אים, סיי פאַר די קינדער, און סוף כל סוף אַפילו פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ער זאָל זיך וואָס גיכער נעמען צו אַן אַנדער פּרנסה.

.4

# „סתם" סאָציאַליזם און „סתם" דערציאונג

דער ערשטער קלאָרער ארויסטריט פונ'ם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט אין די שולן איז געווען אַ פּראָגראַם פון דער אידישער אַרבעטער רינג שול, צונויפגעשטעלט פון יעקב לעווין (1920). דאָרט האָבן מיר אַ הקדמה, וואו די סאָציאַליסטישע טערמינאָלאָגיע איז אין אַמעריקע באמת געווען אַ נייאיקייט אינ'ם אופן פון פארשפּרייטן דעם געדאַנק פון דער אידיש־וועלטלאַכער שול. נאָך דער הקדמה קומט די פּראָגראַם פון די שולן. ווייזט זיך ארויס, אַז די פּראָגראַם איז כמעט דיזעלביקע, ווי די וואָס איז פריער אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די פאָלקס־שולן (אַמאָליקע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע), טאַקע מיט'ן טיכטיקן אַנטייל פונ'ם זעלביקן מחבר. יעדנפאַלס איז דאָרט קיין שום נייאיקייט ניטאָ, וואָס מען זאָל קענען רופן סאָציאַליסטיש. און יעדער איינער, וואָס איז באַהאַוונט אין פּעדאַגאָגישער טעאָריע און פּראַקטיק, וועט, האָף איך, מודה זיין, אַז אַ אידייע אין דערציאונג, וואָס קען ניט אָנווייזן אויף אַ באַשטימטער כאַראַקטעריסטישער טעטיקייט, וואָס בלויז זי אַליין איז מחייב, און וואָס אַנדערע קענען, צוליב זייער ווייטקייט פון דער אידייע אָדער קעגנערשאַפט צו איר, זי ניט אריינגעמען; אויב אַ אידייע אין דערציאונג איז געצוואונגען זיך צו רעדוצירן צו רייד, פּראָפּאַגאַנדע, איך מיין „באַלייכטונג" — אַזאַ אידייע האָט קיין שום רעכט ניט צו פאָדערן אויפמערקזאַמקייט אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט.

אויב די לאַגע איז אַזאַ, אויב קיין פּראָגראַמאַטישע ענדערונג ווערט ניט פאָרגעשלאָגן, האָבן מיר זיכער אַ רעכט צו דרינגען, אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן דעם, ווי אַזוי מען זאָל פּאָפּולאַריזירן דעם שול־געדאַנק פאַר'ן עולם. האָבן אָבער די שול־סאָציאַליסטן קיינמאָל זיך ניט געוואָלט באַנוגענען מיט אַזעלכע קליינע אַמביציעס און אריינגעבראַכט דעם דערמאָנטן ספק וועגן „פּאַרטייאישקייט", ד. ה. אָט, זעט, דער חילוק איז אַ טיפער, אַ פּרינציפּיעלער.

איצט, נאָך דעם ווי די שולן האָבן זיך גענוג אָנגעליטן פון דער ברידער־מלחמה אין דער סאָציאַליסטישער מחנה, זענען די שול־סאָציאַליסטן אַלץ אָפטער געצוואונגען געוואָרן אַרויסצורוקן דעם „סתם" פון זייער סאָציאַליזם, כדי צו באַפאַנצערן דערמיט די ניט צו פעסטע שולן; איז אויב אַזוי, אויב די אַמאָליקע פּאַר־טיידיקער פון פּאַרטייאישקייט וועלן זיך שוין אויך צו עפּעם אַ „סתם", כדי צו באַשיצן די שולן, איז שוין די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. קענטיק, אַז אַלע מוזן פריער אָדער שפּעטער דערפילן, אַז בלויז אַן אומפּאַרטייאישער „סתם" קען ראַטעווען אונזער שול.

דער אמת'ער אמת איז, אַז דער „סתם סאָציאַליזם" איז אַן אויסדרוק פונ'ם אַלטן אומפּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט, וואָס דיזעלביקע שול־סאָציאַליסטן האָבן אַמאָל — איידער עס איז צו שפּיציק פאַרשאַרפט געוואָרן דער קאַמף צווישן רעכט און לינק — באַקעמפט מיט אַלע כחות. פּרינציפּיעל איז קיין שום אונטער־שייד ניטאָ צווישן „סתם סאָציאַליזם" און „סתם דערציאונג", אויב צווישן די צוויי סאָרטן שולן איז קיין פּראַגראַמאַטישער אונטערשייד ניטאָ. און אַזאַ אונטערשייד, ווי שוין באַמערקט, איז לחלוטין ניטאָ. ווינציקסטנס האָבן די „סתם סאָציאַליסטן" אויף אים קיינמאָל ניט אָנגעוויזן.

וואָרים לאָמיר דאָס גוט פאַרשטיין. די שול־סאָציאַליסטן טענה'ן אַז אונזער שול לעבט אין אַ סאָציאַליסטישער סביבה, ממילא דאַרף זי זיין סאָציאַליסטיש, נאָר זי בלייבט אומפּאַר־טייאיש אין די גרענעצן פון אָט דער סביבה . קיין אַנדער אי־דיש־וועלטלאַכער סביבה, אַחוץ דער סאָציאַליסטישער, זאָגן זיי, איז ניטאָ, ווייל בלויז דער באַוואוסטזיניקער (ד. ה. סאָציאַליס־טישער) אידישער אַרבעטער איז פאַרינטערעסירט אין דער אידיש־וועלטלאַכער קולטור. הייסט עס, אַז סיי די וואָס ריידן פון אַ סאָציאַליסטישער שול, סיי די וואָס ריידן פון אַ אידיש־וועלטלאַכער שול, האָבן אין זינען דעם זעלביקן עולם און די זעל־ביקע סביבה, כאָטש די טערמינען זענען ניט די זעלביקע. דער חילוק באַשטייט בלויז אין דעם וואָס „סאָציאַליזם" באַצייכנט די פּאָליטישע און סאָציאַלע פילאָזאָפיע פון די דאָזיקע מענטשן,

בעת „אידיש־וועלטלאַך” האָט אַ שייכות צו זייער קולטורעלער אָריענטאַציע.

רעדט מען ווידער וועגן אומפּאַרטייאישקייט קען עס דאָך קיין אַנדער זאַך ניט מיינען ווי אומפּאַרטייאיש בנוגע די שטריי־טיקייטן צווישן דעם דערוואַקסענעם עולם, צווישן וועלכן מיר לעבן און טוען אונזער אַרבעט. הייגט אויב דאָס אַלץ איז אמת, וואו קען — פון זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט — ליגן דער חילוק צווישן אומפּאַרטייאישער „סתם־דערציאונג” און אומפּאַר־טייאישן „סתם־סאָציאַליזם” אין דערציאונג?

דיווירקלאַכע לעבעדיקע פאַקטן האָבן דערוויזן, אַז אפילו די סאָציאַליסטן אין דערציאונג זענען געצוואונגען געוואָרן אונטער־צושטרייכן ניט זייער סאָציאַליזם, נאָר די אומפּאַרטייאישקייט פון אָט דעם סאָציאַליזם ווי אַ שטאַנדפּונקט אין שול־אַרבעט. נאָך אַלעמען ווען צווישן צוויי געזעלשאַפטלאַכע אַרבעט־פּראָגראַ־מען — ווי למשל צווישן רעכט און לינק — איז פאַראַן אַזאַ טיפער תהום, אַז זייערע שטאַנדפּונקטן און טעטיקייט שליסן אויס איינס ס'אַנדערע, און קיין שלום איז ניט מעגלאַך; ווען עס זענען פאַראַן אַזעלכע צוויי צדדים, איז דאָך אַ קנאַפּע נפקא מינה צו ביידע רופן זיך מיט'ן זעלביקן נאָמען („סאָציאַליסטן”) אָדער ניט. וואָסער אונטערשיד איז עס, למשל, פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דער סאָוועטן רעגירונג צו דער וואָס גייט אויף איר לעבן רופט זיך מיט'ן מיאוס'ן נאָמען „ווייסער גוואַרדייעץ”, אָדער מיט'ן שיינעם נאָמען „סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער”? ווען עמי־צער וויל האָבן אַז די שול אַרבעט דאַרף ניט פאַרטרעטן קיין איינעם פון אַזעלכע צוויי קעמפנדיקע צדדים, נאָר דאַרף געפינען אַן אַלגעמיינעם באָדן — וואָס אין פּראַקטישן לעבן איז ניטאָ — שטייט ער שוין ממילא אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז די שול דאַרף האָבן איר אייגן פּנים און איר אייגענע אָריענטאַציע וואָס דאָס איז די קווינטעסענץ פונ'ם אַזוי גערופענעם אומפּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט.

אויף אַזאַ'ן אופן איז די אונטערשטרייכונג פונ'ם „סתם” אינ'ם סאָציאַליזם אַ פולשטענדיקער נצחון פון די וואָס זענען

תמיד געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר שולן וואָס ציען זייער יניקה פון פעדאַגאָגישע און פסיכאָלאָגישע פרינציפּן, און ניט פון פּארטיי פּראָגראַמען. עס איז ניטאָ קיין איין ווערטפולער מאָ־מענט אין דערציאונג, צו וועלכן סאָציאַליסטן האָבן זיך דער־טראַכט, וואָס זענען שוין פון פריער ניט דערגרייכט געוואָרן אויפ'ן ריין פעדאַגאָגישן און פסיכאָלאָגישן וועג. דאָס וואָס אין די שולן פון דער וועלט האָט דער געזעלשאַפטלאַכער מאָמענט אָנגעהויבן צו שפּילן אַזאַ געוואַלטיקע ראָלע, דאָס וואָס אַרבעט, זעלבסטפאַרוואַלטונג פון קינדער, אינטערעס אין סאָציאַלע פראַגן (איינגעשלאָסן אַלע פּראָבלעמען פון דער איצטיקער געזעלשאַפט־לאַכער ווירטשאַפט), דאָס וואָס אָט די אַלע און ענלאַכע זאַכן זענען געוואָרן ברען־פּונקטן אין אַלע פּראָגרעסיווע שולן, איז דער־גרייכט געוואָרן אויף ריין וויסנשאַפטלאַכע וועגן, ניט אונטער'ן איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

סוף כל סוף פליסן אַלע פּראָגרעסיווע באַוועגונגען, אין יעדן ווינקל פון לעבן, פון איין גרויסן לעבעדיקן קוואַל. אָט דאָס דער־קלערט די ענלאַכקייטן וואָס מיר געפינען צווישן אָט די אַלע באַוועגונגען, און עס מאַכט ניט אויס ווי אומדירעקט עס זאָלן ניט זיין די קעגנזייטיקע ווירקונגען וואָס עקזיסטירן צווישן זיי. די מאָדערנע וויסנשאַפטלאַך־דערגרייכטע ענדערונגען אין דערצי־אונג פאַרדינען באמת די העכסטע דאַנקבאַרקייט, ספּעציעל פון אַזעלכע וואָס לעבן מיט באַגייסטערונג פאַר הויכע געזעלשאַפט־לאַכע אידעאַלן. מיר ווייסן ניט וואָס עס זענען די פּאָליטישע און סאָציאַלע איבערצייגונגען פון מאָנטעסאָרי, דעקראָלי, גלעזער, קוזינעי, און אַלע אַנדערע גרויסע מאָדערנע שול־בויער. אָבער אין וואָס באַשטייט דען זייער אַרבעט אויב ניט אין איבערבויען די קליינע שול־געזעלשאַפט אויף די פּרינציפּן פון פרייהייט און יושר, אָן הערשער און אָן באַהערשטע? דאָרט רעדט מען ניט, מען אַגיטירט ניט, מען פּראָפּאַגאַנדירט ניט, מען רעדוצירט ניט קיין אידעאַלן צו רייד. די אָנשטרענגונג דריקט זיך אויס אין געפינען אַ וועג אין די גרענעצן פון לעבעדיקער טעטיקייט. אָט דאָס איז דער הויפּט פּרינציפּ פון דער מאָדערנער שול. און

גראד דער פרינציפ ווערט אפגעלייקנט פון די וואס ווילן דווקא ארומרינגלען די שול מיט סאציאליסטישע לאזונגען.

ווארים אויב צווישן די סתם־סאציאליסטישע און סתם אי־דיש־וועלטלאכע שולן קענען זיין וויכטיקע חלוקי דעת, איז דאס בלויז בנוגע דער פראגע פון „באלייכטונג", וואס דאס איז בלויז א שעמעוודיקער טערמין פאר מילדער סאציאליסטישער פראפא־גאנדע צווישן קינדער. יא, קענען די סתם־סאציאליסטן זאגן צו זייער אידיש־וועלטלאכע קעגנער, עס איז טאקע אמת אז לויט אייער מיינונג מעג מען אין דער שול אויך רעדן וועגן סאציא־ליסטישע ענינים, אבער בא אייך איז דאס איין פונקט צווישן א סך איבעריקע פונקטן און בא אונז שטרייכט מען דאס אונטער (ד. ה. מען רעדט). עס איז נאך אויך א פראגע ווי אפט מען ברענגט פאר די קינדער אזעלכע פראגן (ד. ה. ווי אפט מען רעדט), און דערהויפט איז דאך די פראגע אין וואסער באלייכטונג ווערן די דאזיקע ענינים געגעבן (ד. ה. ווי אזוי מען רעדט*).

יא, דאס איז בלי ספק א וויכטיקער פונקט. אבער דא דארפן מיר געדענקען צוויי זאכן. ערשטנס, אויב מיר שטעלן זיך אפ אויף „באלייכטונג" דעמאלט צעפאלט די טעאריע פון יעדן מעגלאכן „סתם" אין דערציאונג, און ממילא אויך דער „סתם" סאציאליזם. ווייל, ווי שוין געזאגט, ווען מיר קומען צו „באלייכטן" קאנקרעטע דערשיינונגען אין דעם איצטיקן געזעל־שאפטלאכן לעבן איז דאך פשוט קיין אויסגלייך ניט מעגלאך צווישן די שטעלונגען פון לינקע און רעכטע. עס וואלט אויסגע־קומען אדער אינגאנצן ניט צו ריידן וועגן א סך נייסן, אדער צו באהאלטן וויכטיקע פאקטן כדי ניט אויפצורייצן די סאציאליס־טישע צדדים. און אויב דעם לערערס אני מאמין איז געוואלטיק

*) אין א פעדאגאגישן זשורנאל וואס גייט ארויס אין מאסקווע געפין איך אזא באמערקונג: „שמועסן. דאס איז דאס קראנקסטע ארט פון אונזער שול־פראקטיק. אונזער שול שמועסט אן א סוף. די שול דארף זען, ווי ווייט מעגלאך פארבייטן די שמועסן מיט אנדערע ארבעטס־פארמען", (מעטאדן פון שול־ארבעט, ה. פאליאק „אויף די וועגן צו דער נייער שול", נומ. 2־1, 1926, זייט 30).

וויכטיק, קען קיין אַנדער אויסוועג ניט זיין ווי צוטשעפּן צו יעדער סאָציאַליסטישער ריכטונג א באַזונדער נעץ פון שולן, מיט לערער פון דער זעלביקער ריכטונג, און אַט די שולן וועלן, מיט דער נויטווענדיקייט פון א נאַטור־געזעץ, פאַרוואַנדלט ווערן אין פּאַר־טיי־שולן — און גע׳פּטר׳ט אַן עסק.

דאָס וואָלט דאָך ממש געווען א דערלייזונג פאַר׳ן סאָציאַ־ליסטישן לערער. אָט למשל וויל ער ריידן וועגן א סטרייק, אָבער דאָס וויכטיקסטע מוז ער פאַרשוויינגן. וואָרים אויב ער האַלט אַז מען דאַרף כסדר ציען די קינדערס אויפמערקזאַמקייט צו דער אַרבעטער באַוועגונג, קען ער דאָך ניט איגנאָרירן די געפאַרן אין איר פון וועלכער זייט זיי זאָלן ניט קומען. אַזא לערער האַלט מסתמא אַז די רעכטע האָבן זיך פאַראייניקט מיט די באַלעבאַטים, און קעמפן בכלל פאַר זייערע אייגענע שטעלעס, אָדער אַז די לינקע ווילן צעברעכן די יוניאָנס. אין ביידע פאַלן געפינט זיך די אַרבעטער באַוועגונג אין גרויס געפאַר. פאַרוואָס זשע זאָל ער ניט זיין קאָנסעקווענט און זען אַז די קינדער זאָלן האַלטן מיט די וואָס זיינען זיך מקריב פאַר דער אַרבעטער באַ־וועגונג, און ניט מיט די וואָס זיינען שעדלאָך פאַר איר? ווען מען האַלט אַזוי שטאַרק פון דער וויכטיקייט פון „באַלייכטונג" איז דאָך דאָס א טרויעריקע ניט קאָנזעקווענטקייט צו בלייבן שטיין אין מיטן, און ווערן אין קלאָס אָפּטמאָל אַן אומאויפריכטי־קער אַקטיאָר. עס קען דאָך אַנדערש ניט זיין, ווען מען רעדט וועגן א זאַך וואָס איז נאָענט און ליב און דאָך טאָר מען ניט אָנווייזן אויף וויכטיקע מאָמענטן אין איר וואָס רירן דאָס האַרץ אַזוי טיף.

אויב „באַלייכטונג" איז אַזוי וויכטיק, דעמאָלט מוזן מיר קומען צום געדאַנק פון פּאַרטיי שולן, וואָס קענען זיין קאַרג אויף אַלע זאַכן אָבער ניט אויף „באַלייכטונג". זאָל דאָס זיין געגנוג אין שייכות צום „ערשטנס".

צווייטנס, וואָס הערט זיך עפּעס מכח דער טעאָריע, אַז דעם לערערס טעאָרעטישע איבערצייגונגען זענען א וויכטיקער פּאָזי־טיווער פאַקטאָר אין דערציאונג פון קינדער? איז עס טאַקע

אמת, אז ווען א לערער זוכט צו באַאיינפלוסן קינדער מיט זיין
קוק אויף לעבנספראגן, איז דאָס אי אַ פּאָזיטיווער בייטראָג צו זייער
אנטוויקלונג, אי א גאראנטיע אז בעת זיי וועלן אויסוואקסן וועלן
זיי האָבן דעם זעלביקן קוק? דאָ איז ניט די פראגע צי אַ לערער
מעג ווירקן אויף קינדער מיט זיינע איבערצייגונגען. דאָס טוט
יעדער לערער, צי ער וויל עס, אָדער אפילו ווען ער וויל עס ניט.
פארשטייט זיך, אז ווען ער האלט ניט דערפון, וועט ער עס טאָן
זייער זעלטן, אָבער דאָ האנדלט זיך לחלוטין ניט וועגן דעם. די
פראגע איז, צו דארפן מיר פון אָט דער באוואוסטזיניקער אידייען
ווירקונג מאַכן אזא וועזן, אז מען זאָל זי פארוואנדלען איז אַ
לאָזונג פון אָ שול־באוועגונג? איז טאקע בכלל אזוי וויכטיק
די ראָלע פון אזא דירעקטער אידייען ווירקונג אין דערציאונג?
און, די הויפט זאך, האָט אזא ווירקונג טאקע א פאזיטיוון ווערט
אין דער אנטוויקלונג פון אַ קינד? אין מאָדערנע קינדער פסיכאָ־
לאָגיע איז פאראן גענוג וואָס צו לערנען בנוגע די דאָזיקע
ענינים. די וואָס ווילן האָבן אַן ענטפער אויף די געשטעלטע
פראגן, און ספעציעל די וואָס זייער גאנצע טעאָריע איז אָפּהענגיק
אָן אַזעלכע ענטפערס, דארפן אונז קודם כל קלאָר מאַכן וואָס עס
זאָגן מאָדערנע פסיכאָלאָגישע פאָרשונגען וועגן אָט די אלע
ענינים. און אויב אפילו עס וועט אויסקומען צו מאַכן אַן אי־
בערקערעניש אין קינדער־פּסיכאָלאָגישע באַגריפן, איז אויך ניטאָ
וואָס צו שרעקן זיך. א וויסנשאפט דארף תמיד באַגריסן אי־
בערקערענישן ווען זיי האָבן הינטער זיך אַ געזונטן פונדאמענט.

איצט זענען מיר אייגנטלאך געקומען צום אמת'ן שווער־
פּונקט. אויב די דאָזיקע וואָס האלטן אזוי שטאַרק פון סאָציאַ־
ליסטישע לאָזונגען ארום דער שול ווילן באמת פירן אַ גרינטלאכן
טעאָרישן קאמף דארף דאָס, און בלויז דאָס, זיין זייער שלאכט־
פעלד. עס איז דאָך איבעריק צו זאָגן, אַז אויב זיי וועלן דאָ
געווינען וועלן אלע אנדערע פעסטונגען פון קעגנערשן צד פאַלן
צו זייערע פיס ווי אונטערגעזעגטע דעמבעס. אמת, מען מוז
מודה זיין, אז קיין קליינע ארבעט איז דאָס ניט. און אין אונזער
אייגענעם לאגער, וואו אפילו די שול־באוועגונג האָט ניט גע־

קענט אויסראַטן דעם גייסט פון לייכטע דערוקציעס, מעג עס זיין ווענן די שווערסטע און בלוטיקסטע פּראָבלעמען, אין אונזער לאַגער איז פאַראַן אַ גאַנץ באַזונדער שווערקייט צו זען זאַכן אין ליכט פון וויסנשאַפטלאַך־דערגרייכטע טעאָריעס, אָדער פעסט־געשטעלטע פאַקטן.

ווי עס זאָל אָבער ניט זיין, עפּעס מוז דאָך געטאָן ווערן. עפּעס מוז מען דאָך דערווייזן, מען קען דאָך ניט אַלץ איבערלאָזן צום מזל און צום גלויבן. אָבער איידער די שלאַכט צעפלאַקערט זיך איז נייטיק צוצוגעבן נאָך אַ שטיקעלע טעאָרעטישן באָדן וואָס מען דאַרף איינגעמען איידער מען גייט ווייטער. עס האַנדלט זיך פּשוט מען זאָל קלאָר ווערן וואָסער איינפלוס עס האָבן אַ מענטשנס איבערציינגונגען אויף זיינע סאָציאַלע איינגעשאַפטן. דאָס דאַרף געטאָן ווערן, שטעל איך מיר פאָר, אויף אַזאַ'ן אופן: מען דאַרף קודם כל באַשטימען וואָס אומגעפער זענען די בעסטע מענטשלאַכע איינגעשאַפטן פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנד־פּונקט. דערנאָך דאַרף מען אויסגעפינען עפּעס אַן אביעקטיווע מעטאָדע די דאָזיקע איינגעשאַפטן צו מעסטן. ווען דאָס איז פאַרטיק, נעמט מען אַ גרופּע מענטשן מיט בורזשואַזע איבערציי־גונגען און נאָך אַ גרופּע מיט סאָציאַליסטישע, און מען זעט אין וועלכער גרופּע עס טרעפן אָפטער די דאָזיקע איינגעשאַפטן.

לאָמיר אָננעמען אַז אַ סאָציאַליסטישע טבע איז אַזאַ וואו עגאָאיזם איז אָפּגעשוואַכט, אַכטונג פאַר אַרבעט, פאָרזיכטיקייט ניט אויסצונוצן יענעמס מי ווען מען קען עס אויסמיידן, אַ טיפע זעלבסטלאָזע איבערגעבנקייט צום אייגענעם אידייען קרייז, אַ טיפער אָפּטימיזם, אַ קאָלעקטיוויסטישער געמיט־צושטאַנד, א. א. ווייטער. די אַלע איינגעשאַפטן — אָדער אַנדערע, אָדער ענלאַכע — נעמען מיר אָן, דאַרפן גיין צוזאַמען מיט סאָציאַליסטישע אי־בערציינגונגען, דערפאַר ווייל צווישן זיי איז דאָ אַ לאָגישע פאַר־בינדונג. אָבער איז דאָס טאַקע אַזוי? איז עס פּסיכאָלאָגיש אויך אַזוי ווי עס דאַרף אויסקומען לאָגיש?

דאָס מוז מען אויספאָרשן. דאָ קען מען ניט סתם אַזוי זיך געבן אַ זאָג, נאָר מען דאַרף עס פעסטשטעלן, כדי מיר זאָלן

קיין טעות ניט האָבן אין די פּסיכאָלאָגישע שייכות'ן צווישן אי־בערצייגונגען און מענטש: מיר דאַרפן פעסטשטעלן צי עס איז פאַראַן ניט בלויז אַ לאָגישע פאַרבינדונג, נאָר אויך אַ פּאָזיטיווע פּסיכאָלאָגישע ווירקונג פון אַ מענטשנס פּרינציפּן אויף זיינע מידות, אויף זיין אויפפיר, מיט אַנדערע ווערטער אויף זיין דערציאונג. דאָס מוז מען דאָך וויסן. מען קען דאָך ניט אַוועקנעמען פון דער שול די אויפגאַבע צו דער־ציען מענטשן.

ווען מען האַלט אַז דעם לערער'ס באַלייכטונג פון סאָציאַלע דערשיינונגען איז אַזוי אומגעהייער וויכטיק, אַז עס לוינט זיך צוליב דעם אַליין צו גרינדן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל בויען און שטיצן אַזעלכע שולן; ווען מען האַלט אַז צוליב אַזעלכע באַלייכטונגען לוינט אָט די גאַנצע אומגעהייערע אַרבעט און מי, וואָס אַ באַזונדערע שול אָרגאַניזאַציע פאָדערט, דאַרף מען לכל הפּחות האָבן געגנוג שטאַרקע באַווייזן, אַז דאָס וועט ניט בלויז ניט זיין קיין שטערונג, נאָר פאַרקערט, עס וועט זיין אַ גרויסע הילף אין אַרויסברענגען אַ דור מיט די נייטיקע מענטשלאַכע אייגנשאַפטן וואָס אַ געגרעכטע געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג דאַרף האָבן. נאָכאַמאָל: אָנגענומען אַז דעם לערער'ס באַלייכטונג וועט איבערציי‎גן און די איבערצייגונגען וועלן בא די קינדער בלייבן, אָבער בכלל וואָס איז די שייכות צווישן איבערצייגונגען און מענטשלאַכע אייגנשאַפטן? דער ענטפער אויף אַזאַ פראַגע איז גאָר ניט אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלאַך און גאָר ניט אַזוי לייכט ווי טייל נאַאיווע מענטשן מיינען. אָבער די וואָס רייסן זיך מיט אַלע כחות צו סאָציאַליסטישע לאָזונגען קענען דאָך ממש קיין איין ווייטערדיקן טראָט ניט מאַכן איידער דאָס ווערט פעסטגעשטעלט מיט מער אָדער ווינציקער וויסנשאַפטלאַכער זיכערקייט.

ווי מיר זעען, זיינען מיר צוגעקומען צו גאָר אַ געהויבענעם ענין, וואָס מען קען ניט אָפּ'פּטר'ן מיט סברות, השערות, און מיט דעם וואָס עס דאַרף אויסקומען על פּי שכל. דאָ קען מען זיך בלויז שטיצן אויף קאָנקרעטן, אָדער אויסגעפאָרשטן מאַטעריאַל. לאָמיר אָבער דערווייל אָנגיין מיט אַנאַליזירן די לאָזונגען און

פּאָרמולעס וואָס די סאָציאַליסטישע טערמינאָלאָגיע האָט אַריינ־
געבראכט אין אונזער שול־באוועגונג, פּונקט ווי מיר האָבן עס
געטאָן בנוגע דעם פּרינציפּ, אז יעדע שול מוז זיין פּאַרטייאיש.

5.

## „פאר'ן אידישן ארבעטער קלאַס".

שלאָג־ווערטער־פּאָרמולעס און לאָזונגען שפּילן א גרויסע
ראָלע אין יעדער באוועגונג אפילו ווען זיי ווערן באנוצט ווי פּוסטע
פראַזן. זיי דריקן אויס א גייסט און א געדאנקען־גאַנג, און, דער
עיקר, זיי לייגן ארויף געוויסע התחייבות'ן, אָפּט אומבאוואוסט־
זיניק פאר די וואָס באנוצן זיי. אפילו ווען זיי קענען ניט פירן
מיט לאָגישער אויסגעהאלטנקייט אין דער ריכטונג וואָס איז נאַ־
טירלאך פאר זיי, ציען זיי אָבער אָפּ די אויפמערקזאמקייט פון
אנדערע ריכטונגען, וואָס דאָס קען אמאָל זיין ניצלאך פּונקט
ווי זייער שעדלאך.

די סאָציאַליסטישע לאָזונגען, וואָס רינגלען ארום אונזער
שול זענען, דוכט מיר, שעדלאך ניט אזוי ווייט מיט דעם וואָס
זיי צווינגען אויף אונז ארויף, נאָר מיט זייער נעגאַטיווער ארבעט,
מיט דעם וואָס זיי רייסן אונז אוועק פון די אמת'ע פּראָבלעמען
פון א מאָדערנער שול, און פון די כאראקטעריסטישע טעטיקייטן
וואָס אן ענטפער אויף די דאָזיקע פּראָבלעמען וואָלט געדארפט
ארויסרופן. און פּונקט ווי סאָציאַליסטישע פּארטייען האָבן תמיד
מורא פאר אזעלכע דעוויזן וואָס קענען פארטונקלען דאָס קלאסן־
באוואוסטזיין פון ארבעטער, אזוי וואָלטן מיר געדארפט שטיין
אויף דער וואך און ניט דערלאָזן קיין איין אויסדרוק וואָס קען
פארטונקלען דאָס שול־באוואוסטזיין פון לערער און טוער, און
ממילא פארוואנדלען אונזער שול אין א מיסיאָנערן הויז פאר די
אָדער יענע אידייען.

לאָמיר איצט נעמען דעם געדאנק פון אונזערע שול־סאָציאַ־
ליסטן וואָס דריקט זיך אויס אין די ווערטער: „דאָס אידישע אר־
בעטער־קינד פאר'ן אידישן ארבעטער קלאַס". דאָס איז איינע פון די

סאמע ערשטע לאָזונגען מיט וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן די אגיטאַציע פאר סאָציאליסטישע שולן, און איז אייגנטלאך אן איבערגעניטשעוועטע לאָזונג פון די אמאָליקע נאציאָנאל־ראדי־קאלן. יענע האָבן זיך בלויז באנוגנט מיט „דאָס אידישע קינד פאר'ן אידישן פאָלק". די שול סאָציאליסטן האָבן אָבער געפונען א לייכטן וועג צו באווייזן דעם חילוק צווישן זיי און די נאציאָ־נאל־ראדיקאלן. אומעטום וואו די לעצטע זאָגן „קינד" אָדער „פאָלק" אָדער „מענטש", שטעלן זיי צו דאָס וואָרט ארבעטער, און פארטיק. מיט אלע אנדערע באגריפן, איך מיין מיט די דער־ציערישע באגריפן, פון די אמאָליקע צייטן זענען זיי מסתמא מסכים, אָדער עס גייט זיי אינגאנצן ניט אָן. די גאנצע שווע־ריקייט ליגט פאר זיי, ווייזט אויס, אינ'ם וואָרט „ארבעטער", און ווען דאָס איז באזאָרגט, איז שוין דער וועג אזוי פליענדיק־לייכט ווי פון שטאָלערנע גליטשערס אויף גלאטיק אייז.

ווען מיר א ווײַלע איבערלאָזן דאָס „ארבעטער־קינד", א מאָדנער באגריף וואָס פארדינט א באזונדערן אנאליז, לאָמיר איצט באטראַכטן די צווייטע העלפט פון דער לאָזונג: „פאר'ן אידישן ארבעטער קלאס".

איך מיין ניט צו זאָגן, אז עס איז פאראן עפעס א ניט־ריכטיקייט אינ'ם זאץ גופא. ווארים אז מען וויל דוקא פארבינדן סאָציאליסטישע טערמינען (ד. ה. טערמינען פון סאָציאליסטישע פארטייען) מיט די שולן, איז דאָך באמת ניט קיין גרויסער חילוק וועלכע מען קלייבט אויס. מען וואָלט פונקט אזוי גוט געקענט זאָגן, אז דער צוועק פון די שולן איז, אז די פּראָלעטאריער פון אלע לענדער זאָלן זיך פאראייניקן, אָדער צו דערווייזן, אז די ארבעטער האָבן בלויז צו פארלירן זייערע קייטן, אָדער אז די באפרייאונג פון די ארבעטער דארף קומען פון די ארבעטער אליין, אָדער אז מען דארף האָבן „איין גרויסע יוניאָן". וואָס איז די נפקא מינה? מיין אויפגאבע איז בלויז צו דערווייזן אז סאָציא־ליסטישע טערמינען אין די שולן פירן ניט אין דער ריכטונג פונם סאָציאליסטישן אידעאל נאָר פון דער סאָצאליסטישער באוועגונג,

און אז אידעאַל און באַוועגונג זיינען לחלוטין ניט די זעלביקע זאַך.

יעדער מענטש וואָס קוקט מיט אָפענע אויגן אויף דער איצטיקער געזעלשאַפטלאַכער ווירטשאַפט קען ניט פאַרפעלן צו זען דאָס גרויסע אומגליק וואָס נעמט אַרום די גאַנצע מענטשהייט. דער אַדוואָקאַט קלאַרענס דעראַו בעת ער האָט פאַרטיידיקט די מיליאָנערן קינדער לאָוב און לעאָפאָלד אינ׳ם באַרימטן מאָרד־פּראָצעס אין שיקאַגאָ, האָט באַמערקט, אז רייכקייט פונקט ווי אָרימקייט נויטיקט זיך אין באַזונדערער סימפּאַטיע אין אַזעלכע פאַלן, ווייל אויך רייכקייט איז אַ פּעטער באַדן אויף וועלכן עס וואַקסן אַלערליי אויסטערלישע פאַרברעכנס. און דאָס איז אַן אמת וואָס מען קען ניט אָפּלייקענען. די עקלדיקע דעגענעראַציע פונ׳ם מיליאָנערן קלאַס; דאָס וויסטע יאָגעניש נאָך נייע מערק און נייע פאַרמעגנס אין די אינטערעסן פון פּריוואַטע קעשענעס; די ביטערע קאָנקורענץ צווישן אַלע קלאַסן הענדלער וואָס פרעסן זיך איינס ס׳אַנדערע לעבעדיקערהייט; די שווערע, שקלאַפישע און אומזיכערע לאַגע פונ׳ם אַרבעטער קלאַס; די מורא׳דיקע נויט און אומפּראָדוקטיווקייט פון מיליאָנען לופט־מענטשן און די גאַנ־צע בעטלער־מאַסע פון פאַרשידענע שאַטירונגען; אָט די אַלע דערשיינונגען צוזאַמען מיט די שרעקלאַכע רעזולטאַטן וואָס דער־פון קומען אַרויס — דאָס איז דער גרויסער וועלט אומגליק. אַ שול וואָס באַשעפטיקט זיך בלויז מיט אַבסטראַקטע לימודים וואו די אַלע זאַכן זעען זיך ניט אַרויס, איז אַן אומגליק, ניט קיין שול.

און אָט דאָס דאָזיקע שול־אומגליק איז תמיד באַקעמט גע־וואָרן אויף פאַרשידענע אופנים פון אַלע שול־רעפאָרמער. אין דער אמת׳ן איז יעדע מאָדערנע שול, וואָס וויל עפּעס אויפטאָן, אַ פאַרזוך דורכצופירן אויף איר באַשיידענעם אופן אַזעלכע גע־דאַנקען, לעבנס־אַרטן, און שאַפן אַזעלכע אינסטיטוציעס וואָס זאָלן אין קליינעם פאָרמאַט ווייזן דעם וועג ווי אַזוי צו פאַר־ענטפערן די גרויסע סאָציאַלע פראַגע. דער פאַקט וואָס די סאָ־ציאַליסטישע באַוועגונג — אויף וויפיל זי האָט זיך פאַרנומען מיט דערציאונג — האָט אַזוי פיל געלערנט פון די וועגן פון דער

נייער שול, באַווייזט דעם אמת פונ׳ם נאָר וואָס ארויסגעזאָגטן געדאנק.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, ווי באַקאַנט, שטרייכט אָבער תמיד אונטער די ארבעטער זייט פון דער סאָציאַלער פראַגע, און רעדט בכלל ניט אין טערמינען פון אינטערעסן פון דער גאַנצער מענטשהייט, כאָטש אביעקטיוו גענומען וועט דער בלינדער בעטלער וואָס פארקויפט בלייפעדער, אָדער דער הענדלער וואָס ווערט אויסגעריסן צוליב זיין אָרימער פרנסה, ניט ווינציקער גע־ווינען פון א גערעכטער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג ווי דער אר־בעטער וואָס האָרעוועט אין פאַבריק. און ווען מיר רעדן וועגן „אינטערעסן" אין העכערן זינען פון וואָרט, ד. ה. ווען מיר האָבן אין זינען די פארלייכטערונג פון אלע פיזישע, מאָראלע, מאַטערי־עלע און געזעלשאפטלאַכע צרות פון דער וועלט, דעמאָלט איז א גערעכטע סאָציאַלע אָרדנונג א טובה פאר אלע מענטשן אָן שום אויסנאַם, כאָטש ניט אלע קענען דאָס איינזען.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, איז אָבער ניט בלויז פאר־אינטערעסירט צו באַגייסטערן זיך און אַנדערע פאר א אידעאַל, נאָר דער עיקר, אים צו פאַרווירקלאַכן. זי קען זיך ניט אַזוי פיל ארייַנטאָן אין דער פּאָעזיע פונ׳ם ציל ווי אין דער פּראָזע פונ׳ם וועג, און דאָ קומט אריין די מארקסיסטישע טעאָריע, וואָס אַנאַליזירט די פּראָצעסן פון דער איצטיקערווירטשאַפט און ווייזט אָן דעם וועג פאר דער פּראַקטישער טעטיקייט פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג.

עס וועט זיין גענוג פאר אונז אָפּצוקומען מיט א פּאָר ווער־טער וועגן דעם דאָזיקן ענין, וואָס האָט דאָך צו אונזער איצטיקער אויפגאַבע ניט קיין דירעקטע שייכות. בלויז דער ארבעטער קלאַס — לערנט אונז דער מאָדערנער סאָציאַליזם — איז פייאיק אויפצונעמען דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל און קעמפן פאר אים. עס איז אמת, אז פון דעם דאָזיקן קאַמף וועט די גאַנצע מענטש־הייט געווינען, אָבער עס איז א קינדישע אוטאָפּיע צו גלויבן, אז אַנדערע קלאַסן וועלן ווען עס איז דעם דאָזיקן אמת איינזען. דער גאַנצער קאַמף באַשטייט טאַקע קעגן אָט די קלאַסן, ווייל

זיי זענען פאַראינטערעסירט אויפצוהאַלטן די איצטיקע געזעל־שאַפטלאַכע סיסטעם.

דער ארבעטער קלאַס, ווי דער פּראָדוקטיווער קלאַס, ווי אַן עקספּלואַטירטער קלאַס, וואָס שטייט תמיד פּנים אל פּנים מיט זיין שונא אינ׳ם פּראָדוקציע פּראָצעס, צוליב די ספּעציעלע באַ־דינגונגען אין וועלכע דער ארבעטער קלאַס לעבט, און צוליב אַ סך אַנדערע טעמים, וואָס עס איז ניט נייטיק דאָ אויסצורעכענען, קען שוין איצט—אין זיין טאָג־טעגלאַכן לעבן, אַלץ מער און מער צעטרייסלען דעם פונדאַמענט אויף וועלכן עס האַלט זיך די גאַנצע איצטיקע אומגערעכטע סאָציאַלע געביידע. דאָס פירט אונז צום פּאָליטישן קאַמף און צום שטענדיקן קלאַסן־קאַמף וואו די לאַסט מוז דאָך שוין ממילא פאַלן אינגאַנצן אויפ׳ן ארבעטער קלאַס.

און כאָטש דער אידעאַל איז פאַר אַלע מענטשן, איז אָבער די באוועגונג אַן ארבעטער באוועגונג: פאַרשטייען מיר די סאָ־ציאַליסטן גאַנץ גוט. אזוי איז זייער פּאַרטיי און אזוי מוז זי זיין. פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליסטישן אידעאַל איז טאַקע מארקס ניט מער יחסן פון פּרודאָנ׳ען, און אַ ראָבערט אָוען שטייט אויף איין ברעט מיט אַ לעניך. אָבער פון שטאַנדפּונקט פון דער באַ־וועגונג איז דער חילוק אַן אומגעהייער גרויסער, כאָטש די דער־מאָנטע פּערזענלאַכקייטן פילן אַלע גלייך דאָס גרויסע געזעל־שאַפטלאַכע אומגליק און שטרעבן עס אָפּצושאַפן. פון שטאַנד־פּונקט פונ׳ם אידעאַל האָבן מיר איין סאָציאַליזם, אַן אומפּאַר־טייאישן, אַ סתם סאָציאַליזם, אָבער פון שטאַנדפּונקט פון דער באוועגונג איז פאַראַן אַן אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם, אַן אַנאַר־כיסטישער סאָציאַליזם, אַ לינקער און רעכטער סאָציאַליזם; וואָס זייער ווערט קען ניט זיין גלייך פאַר די וואָס זייער הויפּט אויפ־גאַבע איז צו געפינען די ריכטיקע מיטלען.

אָט, למשל, אונזערע שול־סאָציאַליסטן טענה׳ן אַז אידישע שולן פאַר ארבעטער קינדער זענען אַ נויטווענדיקייט פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליסטישען אידעאַל, אָבער די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, די באוועגונג, סיי לינקע, סיי רעכטע, קענען זיך גאַנץ פיין פאַרגינען ניט צו האָבן קיין שום אַ פּ יצ י ע ל ע

שטעלונג צו אידישע שולן דאָ אין לאַנד, אַזוי קומט אויס, אַז אונזערע פּאַרטיי־לייט זענען פלאַמענדיק פּאַרטייאיש בנוגע סאָציאַליזם ווען זיי געפינען זיך אין דער שול, אָבער שרעקלאַך אומפּאַרטייאישע בנוגע די שולן ווען זיי געפינען זיך אין דער פּאַרטיי (אגב אורחא, דאָ זעען מיר אַז פּאַרטיי־לייט קענען אויך זיין אומפּאַרטייאיש ווען די אינוויינוניקסטע אַרבעט פון זייער באַוועגונג פאַרלאַנגט עס. דאָס טוט מען אַלעמאָל ווען די באַוועגונג איז אַן ע י ק ר, דאָס קען מען אָבער ניט טאָן ווען די באַוועגונג איז בלויז אַ נאָכשלעפּנדיק מיטל).

הייסט עס, אַז אידעאַל און באַוועגונג זענען צוויי באַזונדערע ליניען, וואָס פאַלן זיך אָפּט צונויף, אָבער ניט אַלע מאָל. יעדנפאַלס איז דער צונויפפאַל ניט קיין מוז, ווייל כאָטש די ליניען שטאַמען פון איין וואָרצל, און ציען זיך צום זעלביקן פּונקט, זענען זיי אָבער דאָך פאַרשידן. היינט אויב מען רעדט פון דעם אַז די שולן דאַרפן געפירט ווערן אין סאָציאַליסטישן גייסט, פרעגט זיך: אין גייסט פון וואָס, פונ'ם אידעאַל אָדער פון דער באַוועגונג?

אויף דער פראַגע וועט מסתמא יעדער שול־סאָציאַליסט ענטפערן אַז ער האָט אין זינען דעם אידעאַל און ניט די באַוועגונג. דער סתם־סאָציאַליזם — אָן וועלכן עס האַלטן זיך נאָך דערווייל אַלע וואָס פאָדערן שולן אין נאָמען פון סאָציאַליזם — איז אייגנטלאַך אַ פעסטשטעלונג פון אָט דעם פּרינציפּ. וואָרים פון שטאַנדפּונקט פון דער באַוועגונג קען קיין רייד ניט זיין וועגן אַ „סתם", ווייל אַ באַוועגונג האָט צו טאָן מיט פּראַקטישער טעטיקייט שוין, איצט, און דעמאָלט איז אָדער אַהין, אָדער אַהער, עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ "סתם", און דער „סתם" ווערט אַ האָר ניט לייכטער און מעגלאַכער צוליב דעם וואָס ער הענגט זיך אָן אויפ'ן האַלדז אַ סאָציאַליסטישע קמיעה.

אָבער פון שטאַנדפּונקט פונ'ם אידעאַל איז פאַראַן אַ גרויסע סאָציאַלע פראַגע, פון וועלכער די אַרבעטער־פראַגע איז בלויז אַ טייל, און סאָציאַליזם און אַרבעטער קלאַס זענען באין אופן ניט קיין סינאָנימען. פון דעם שטאַנדפּונקט איז ניטאָ קיין מורא פאַר „פאַרטונקלען דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין פון פּראָלעטאַריאַט", און

מען וואָלט זיך גאַנץ פיין געקענט פאַרגינען צו באַטראַכטן דעם קאַפּיטאַליסט ווי אַ קרבן, ניט ווי אַ בייזוויליקן שוחט, און ממילא ווערט ער אויך צוגלייך מיט'ן ארבעטער, און אַלע איבעריקע מענטשן, אַן אויסדרוק פון די צרות פון דער איצטיקער סיס־טעם. אַזאַ שטאַנדפּונקט, ווען ברייט פאַרשטאַנען, קען פירן צו אַ רייכער דערציערישער טעטיקייט. אָבער פאַר דער פּאַרטיי האָט ער בלויז אַ וויטן אַקאַדעמישן זינען, ווייל זי איז אַ קעמפנדיקע באַוועגונג וואָס מוז באַטראַכטן דעם מענטשלאַכן פאָרשטייער פון'ם פיינטלאַכן קלאַס ווי אַ פּריוואַטוויליקן שונא צוליב זיין אינ־וועניקסטער שלעכטקייט (כאָטש אין דער טעאָריע איז די פּאַרטיי לחלוטין ניט מסכים מיט אַזאַ בליק. אָבער אין דער פּראַקטיק קען עס אַנדערש ניט זיין) אַנטקעגן וועלכן מען דאַרף אַנטוויקלען אַ פּערזענלאַכע שנאה. סאָציאַליזם ווי אַ קלאַסן־ענין איז אַ וועג פון דער באַוועגונג, אָבער ניט דער מאָטיוו פון'ם אידעאַל. דער אידעאַל געפינט זיינע טרייבנדע כוואַליעס אין דער גאַנצער, גרוי־סער אַלץ־אַרומנעמענדיקער סאָציאַלער פּראַגע, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף פאַרשידענע טרויעריקע אופנים אין אַלע ווינקלען פון לעבן.

איך בין זיכער, אַז מיינע ווערטער וועלן אין די אויגן פון'ם פּאַרטיי־מענטשן אויסקוקן ווי די רייד פון אַ בטלן (אין בעסטן פאַל). אים ועט זיך אויסדוכטן, אַז איך שלאָג פאָר אַ וועג פאַר דער באַוועגונג, ווייל קיין שום אַנדער זאַך זעט ער ניט אין דער וועלט. איך רעד אָבער איצט בלויז און אויסשליסלאַך וועגן דער אָנפאַנג־שול, און דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. ווערט דע־ריבער טאַקע אַביסל פאַרדעכטיק ווען די שול־סאָציאַליסטן ווילן דערציען קינדער אונטער לאָזונגען וואָס שטרייכן כסדר אונטער דעם ארבעטער קלאַס, אָט פּונקט ווי עס טוען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָס זייער טעגלאַך ברויט, אַזוי צו זאָגן, איז דער קלאַסן־קאַמף.

נאָך אַלעמען גייען דאָך אין דער שול ניט קיין ארבעטער נאָר קינדער. די לערער ווילן דאָך ניט אָרגאַניזירן די קינדער אַז זיי זאָלן גלייך גיין סטרייקן מיט עמיצן, אָדער אַרויסטרעטן

אויף א פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע, אַזוי ווי עס טוט די באַוועג־גונג. העכסטנס וויל מען דאָך די קינדער באַקענען מיט'ן אמת'ן אויסזען פון דער וועלט. פאַרוואָס זשע ב ל ו י ז און נ אָ ר און ד ו ק א דער אַרבעטער קלאַס אין די סאַמע פראָנט־שילדן, אין די לאָזונגען?

עס איז מערקווירדיג, אַז ווי נאָר דער שול־סאָציאַליסט וויל ברענגען א ביישפּיל פון סאָציאַליסטישער דערציאונג ווערט ער גלייך דערמאָנען אַז ער רעדט מיט קינדער וועגן סטרייקס. עפּעס פאַלט אים גאָר ניט איין צו דערמאָנען א דערשיינונג וואָס קומט ניט פון אַרבעטער לעבן, אָבער וואָס האָט פון שטאַנד־פּונקט פון סאָציאַליזם ווי א אידעאַל, א פיל נענטערע שייכות צו קינדער. א קליין קינד ווערט, למשל, גיכער דערפילן די אומ־גערעכטיקייט אין דער וועלט ווען מען ווערט עס אָנווייזן אויפ'ן בעטלער, אויפ'ן פרוכט־פּאַרקויפער וואָס שטייט אין די גרויסע פרעסט לעבן דער פּאָבליק סקול כדי צו פאַרדינען עטלאַכע סענט, א. ד. ג. דער ערשטער און פּשוט'סטער טעם דערפון איז ווייל אַלגעמיינע אָרימקייט דאַרף קיין דערקלערונג ניט האָבן כדי מען זאָל זי באַמערקן, בעת דאָס איז ניט אמת וועגן די וויכטיקע דערשיינונגען אין אַרבעטער לעבן. א קינד קען ניט קומען אין דירעקטער באַרירונג מיט א סטרייק אפילו ווען דער אייגענער טאַטע איז א סטרייקער. בכלל, אָרימקייט זעט מען, אָבער א סטרייק ז ע ט מ ע ן נ י ט, סיידן ווען מען קוקט שוין אויף דער וועלט אין ליכט פון מער אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען.

אָבער לאָמיר זאָגן, אַז א סטרייק איז אויך א זאַך וואָס אפילו א קליין קינד קען דורך דעם אריינדרינגען אין די פּלאַנטער־נישן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, מוז מען דאָך אָבער צוגעבן, אַז פונ'ם שטאַנדפּונקט פונ'ם סאָציאַליסטישן אידעאַל איז צווישן דעם בעטלער און דעם סטרייקער פּונקט אַזא קליינע נפקא מינה ווי צווישן אָוען און לענין, היינט פאַרוואָס וואַרפט זיך עס אַזוי שטאַרק אין די אויגן, אַז בעת א סאָציאַליסטישער רעדנער רעדט וועגן סאָציאַליסטישער דערציאונג, איז דער סטרייק דער שטענ־דיקער, אומפאַרמיידלאַכער ביישפּיל?

פאַראַן נאָך אַן אינטערעסאַנטער פּונקט וואָס דאַרף זיך שטאַרק וואַרפן אין די אויגן אַ מענטשן, וואָס איז באַקאַנט מיט פּעדאַגאָגישער טעאָריע. עס איז אַמאָל שטאַרק פאַרשפּרייט געווען דער געדאַנק, אַז מענטשן חזר'ן איבער אין זייער אינדיווידועלער אַנטוויקלונג די געשיכטע פון'ם גאַנצן מענטשלאַכן מין, און אַז דעריבער דאַרף די מענטשלאַכע קולטור, ווי זי ווערט געגעבן אין דער אָנפאַנג־שול, זיין געפּורעמט לויט'ן מאָדעל ווי מיר געפינען זי ביי פּרימיטיווע שבטים. עס מאַכט ניט אויס צו דער דאָזיקער געדאַנק איז אינגאַנצן אמת, צי בלויז טיילווייז. די שולן האָבן פון אים זייער אַ סך געלערנט. אַלע ווייסן אַז אין די ערשטע קלאַסן ווערט דער לימוד פון געשיכטע, למשל, איבערגעגעבן דורך מעשות, ווייל די מעשה איז אַ פּרימיטיווע מדרגה פון וועלכער עס אַנטוויקלט זיך שפּעטער דאָס וואָס מיר רופן געשיכטע, און דאָס זעלביקע קומט פאָר בנוגע געוויסע אַנדערע לימודים.

אונזערע שול־סאָציאַליסטן, ווען זיי וואָלטן געוואָלט ווירקן פּעדאַגאָגיש פּונקט ווי סאָציאַליסטיש, האָבן דאָ געהאַט אַ מעגלאַכקייט צו אַנאַליזירן דעם סאָציאַליזם אין פאַרשידענע מדרגות לויט זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג, און אויף אַזאַ'ן אופן געפינען אַ פּעדאַגאָגישן וועג פאַר סאָציאַליזם אין דער אָנפאַנג־שול. אָבער וועגן דעם אַלעם איז לחלוטין גאָר ניט געזאָגט געוואָרן, ניט פאַר און ניט קעגן, גאָרניט. די לאָזונגען פון דער באַוועגונג — וואָס זיינען וועג־ווייזער אין פּאַרטיי־אַרבעט, אָבער פּוסטע פראַזן אין דער שול — האָבן פאַרטרונקען דאָס גאַנצע פעלד.

אין זיין אַרטיקל „ניטאָ קיין יושר" וואָס מ. אָלגין האָט מיט אַ צייט צוריק פאַרעפנטלאַכט אין דער „פרייהייט", האָט ער אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז אַ פּאַרטיי איז ניט קיין פילאָזאָפישער קלוב. „מיר זוכן ניט דעם אמת, ווייל מיר האָבן אים שוין געפונען". דער אופן אויף וועלכן אָלגין דריקט אויס זיינע געדאַנקען אין יענעם אַרטיקל איז צו ברוטאַל, אָבער אין עצם דערציילן זיי אַ גאַנץ באַקאַנטן פאַקט. ווען ער וואָלט געזאָגט, למשל:

„מיר האנדלען ניט אזוי ווי מיר וואָלטן געזוכט דעם אמת, נאָר אזוי ווי מיר וואָלטן אים שוין געפונען", וואָלט מען גאָר ניט געקענט האָבן צו אים. ווייל א פּארטיי איז מחייב אז דאָס גאנצע טראכטן און זוכן איז געטאָן געוואָרן פריער. איצט, ווי א פּארטיי, איז איר אויפגאבע ניט צו זוכן, נאָר צו האנדלען לויט דעם געפונענעם. דאָס איז די טבע פון א פּארטיי און אזוי דאַרף אויך זיין דער כאַראַקטער פון אירע שלאָג־ווערטער און פאָרמולעס.

א שול, דאַרף דוכט מיר זיין קלאָר פאר יעדן, געהערט ניט צום טיפּ „פּארטיי" נאָר צום טיפּ „פילאָזאָפישער קלוב" פון געזעלשאַפטלאכע אינסטיטוציעס. יעדע אינוויינינקסטע דערנענטערונג צווישן אָט די צוויי טיפּן מוז דעריבער זיין שעדלאך פאר ביידע, און די אזוי־גערופענע סאָציאַליסטישע שולן האָבן עס גאַנץ קלאָר דערוויזן.

פּראקטיש ווערט שוין איצט די אַגיטאציע פאר סאָציאַליסטישע שולן ניט אַלעמאָל געפירט אין דער שפּראַך פון סאָציאַליסטישן אידעאַל בכלל, נאָר פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. אין דער באקאנטמאכונג פון די אומפּארטייאישע שולן וואָס איך האָב פריער דערמאָנט, זיינען פאראן פינף פונקטן וועגן די צילן פון די דאָזיקע שולן. און אין די אַלע פונקטן ווערט קיין איין איינציק מאָל דאָס וואָרט סאָציאַליזם ניט דערמאָנט. מען רעדט בלויז אין טערמינען פון ארבעטער. און מען רעדט שוין ניט וועגן אַרבעטער בכלל, נאָר וועגן „צובינדן דאָס קינד צו אינטערנאציאָנאלן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט". דאָ האָט מען שוין גאַנץ קלאָר אין זינען די באוועגונג, און איך האָב מורא, אז די דאָזיגע ווערטער האָבן שוין ניט קיין שייכות צו סאָציאַליסטישע פּארטייען אין אַלגעמיין נאָר צו א גאַנץ באַשטימטער ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג.

אזוי האָט, ווי מיר זעען, דער סתם־סאָציאַליזם אין דער שול אָנגעהויבן טעאָרעטיש מיט סאָציאַליסטישער דערציאונג וואָס האָט געמיינט, און בלויז געקענט מיינען, דעם אידעאַל אין זיין שייכות צו דער גאַנצער מענטשהייט, פּראַקטיש אָבער האָט זיך

עם רעדוצירט צו דעם, אז די שולן דארפן צוגרייטן באוועגונג־פלייש פאר סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאציעס.

אנדערש קען דאָס ניט זיין. אין געזעלשאפטלאכן לעבן זענען ניט פאראַן קיין נאקעטע אידעאַלן וואָס גייען ארום ווי לופטיקע גייסטער, נאָר עס זענען פאראנען קאָנקרעטע באוועגונגען וואָס פארטרעטן זיי. עס זענען פאראן דערציערישע באוועגונגען און סאָציאַליסטישע באוועגונגען. ווען א סאָציאַליסט קומט אריין אין דער וועלט פון דערציאונג האָט ער בלויז איין ברירה: זיך אויסצוקלייבן יענע דערציערישע טעאָריע און פּראקטיק וואָס ער רעכנט וועט פירן צו רעזולטאטן אין דערציאונג וועלכע זענען אים, ווי א סאָציאַליסט, ליב און טייער. נעמט ער אָבער אָן דעם דאָזיקן דערציערישן דרך, מוז ער דעמאָלט אויך אָננעמען איר באזונדערן גייסט און איר טערמינאָלאָגיע, איר פילאָזאָפיע און אירע מעטאָדען, כדי ער זאָל אין דער דאָזיקער ספּעציעלער אר־בעט ניט אראָפּגעפירט ווערן פון וועג. און אויב ער פירט אין איר אריין די פּארטיי שפּראך, ד. ה. דאָס פּארטיי־דענקען, איז דאָך קלאָר, אז ער מוז פריער אָדער שפּעטער קומען צו א באשטימטער ריכטונג אין דער באוועגונג, ווייל כאָטש עס קען זיין א סתם־סאָציאַליזם, איז אָבער ניטאָ קיין סתם־באוועגונג.

.6

## איז די אידיש־וועלטליכע שול אַ קלאַסען־אינסטיטוציע?

די סאָציאַליסטישע באוועגונג שטיצט זיך אינגאנצן אויף דער מארקסיסטישער קלאסן־טעאָריע. אָבער די דאָזיקע טעאָריע ווערט ניט באנוצט בלויז כדי פעסטצושטעלן אָן אבסטראקטן וויסנשאפט־לאכן אמת. ווען דאָס וואָלט געווען אזוי, וואָלט מארקסיזם ניט געקענט ווערן קיין אבסאָלוטע פאָדערונג פון יעדן מיטגליד פון דער פּארטיי. וואָרים, באמת, צו וואָס זיך נעמען צום הארצן אָן אב־סטראקטע פילאָזאָפיע ווען אלע זענען מסכים אין די קאָנקרעטע,

פּראַקטישע שטרעבונגען? איז דען דער צוועק פון דער פּאַרטיי זיך צו שפּילן מיט פילאָזאָפיעס? מאַרקסיזם איז אָבער אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַ וועג־ווייזער אין קאָנקרעטער טאָג־טעג־לאַכער אַרבעט, און דעריבער איז דאָרט די דאָזיקע טעאָריע אַ גאַנץ פּראַקטישער ענין.

אַנדערש איז עס אין דער שול־באַוועגונג. דאָרט איז ניטאָ קיין קלאַסן־קאַמף צווישן די קינדער, אָדער פון קינדער אַנטקעגן עמיצן אַנדערש. דאָרט זענען ניטאָ קיין וואַל־קאַמפּאַניעס מיט דער נויטיקייט צו פירן אַ קלאַסן־פּאָליטיק. איז וואָלט די שול בלויז אויסן געווען אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע אידעאַלן און סאָציאַליס־טישע מאָראַל, וואָלט דאָך קיין שום נויט ניט געווען שטענדיק אונטערצושטרייכן אַז מיר זענען אַן „אַרבעטער שול", וואָס געפינט זיך אויף דער „אַרבעטער גאַס" כדי צו ברענגען דאָס „אַרבעטער קינד" צום „אַרבעטער קלאַס". ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג רעדט אין אַזאַ שפּראַך האָט זי אַ פּראַקטישן צוועק, און ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פירט עס צו עפּעס וואָס דריקט אויס נאָך אַ קלאָרערן פּאַרלאַנג: זי וויל פּשוט ניט האָבן אין אירע רייען קיין אַנדערע מיטגלידער אחוץ אַרבעטער. דאָ איז די האַנדלונג אין פולן הסכם מיט דער אידעאָלאָגיע און מיט דער שפּראַך. וואָס זשע הערט זיך אין די סאָציאַליסטישע שולן מכח דעם ענין? האָבן זיי אויך אין זינען די זעלביקע צוועקן? ווילן זיי אויך אויסשליסן אַלע אַנדערע פון דער שול אחוץ די אַרבעטער? עס איז דאָך עפּעס ניט צו פאַרשטיין, ווי קען אַ שול רעדן בלויז פון אַרבעטער־קינדער און פונדעסטוועגן אריינגעמען אויך אַנדערע קינדער אין דער זעלביקער צייט? ווי נעמט מען דאָס אריין קינדער וואָס מען איז זיך על פּי פּרינציפּ לכתחילה מתחייב צו איגנאָרירן? ווי מעג זיך אַ דערציאונג אינ־סטיטוציע דערלויבן אַזאַ זאַך (אפילו בלויז אין טעאָריע)?

דערויף איז פאַראַן בלויז איין תירוץ, און אַט דעם תירוץ האָט מען געגעבן אָפט, און דער תירוץ איז, אַז די אַנדערע קלאַסן קומען גאָר ניט צו אונז; אַז מיר האָבן מיט אַנדערע קינדער סיי ווי גאָר

ניט צו טאָן. אונזער שול, הייסט עס, איז בפועל ממש אַן אַרבעטער שול. אויף אַזאַ'ן אופן קומט אויס אַז דער סינאָנים סאָציאַליזם־אַרבעטער, וואָס איז אַ טעאָרעטישע הנחה אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז בנוגע דער שול אַ פעסטשטעלונג פון אַ פשוט'ן „לעבעדיקן פאַקט". עס איז, הייסט עס, פאַרט אמת אַז די עלטערן פון די קינדער, אָדער דאָס רוב עלטערן, שטאַמען פון אַרבעטער קלאַס.

ווען דער דאָזיקער אמת וואָלט טאַקע געווען אַזאַ פשוט'ער, פאַקטישער אמת, ווי אונזערע ליבע פריינט פון דער סאָציאַליסטישער שול ווילן האָבן, אפילו דעמאָלט וואָלט דער דאָזיקער תירוץ נאָך אַלץ ניט געווען קיין תירוץ מספיק. וואָרים דער טערמין „אַרבעטער" ווערט ניט באַנוצט צו באַצייכענען אַ פּראָפעסיע נאָר אַ שטאַנדפּונקט, און ניט דעם שטאַנדפּונקט פון אַ סתם סאָציאַליסטישן אידעאַל, נאָר פון אַ באַוועגונג. דאָס איז דער סאָציאַליסטישער שטאַנדפּונקט אויסגעדריקט אַזוי אַז עס זאָל סטימולירן ניט בלויז די באַגייסטערונג פאַר'ן ענדלאַכן אידעאַל, נאָר דער עיקר דעם קלאַסן־קאַמף, וואָס פירט צו אים. דאָס איז, אויף אַזאַ'ן אופן אַ טערמינאָלאָגיע פון אַ באַוועגונג וואָס איז ניט קיין לערן־אינסטיטוציע, נאָר אַ שלאַכטפעלד.

אַפילו די סאָציאַליסטן פון דער באַוועגונג זאָגן אָפטמאָל — ווען זיי זענען טעאָרעטיש געשטימט — אַז זייער צוועק איז ניט צו אַנטוויקלען אַ האַס אַנטקעגן די מענטשן־קאַפּיטאַליסטן, נאָר אַנטקעגן דעם קאַפּיטאַליזם. אין דער פּראַקטיק קען זיך דאָס אָבער קיינמאָל ניט איינגעבן אויב די טאַקטיק פון דער באַוועגונג מוז בלייבן די זעלביקע. די שול, ספּעציעל די אָנפאַנג שול, וואָלט זיך זיכער געקענט פאַרגינען צו זיין אַלעמאָל דאָס וואָס די סאָציאַליסטן פון דער באַוועגונג זענען אין זייערע טעאָרעטישע מאָמענטן. דאָס קען אָבער באַין אופן ניט דורכגעפירט ווערן ווען די שול וויל דווקא ווערן אַ געטרייע קאָפּיע פון דער באַוועגונג, אויב ניט אין פאַקט איז כאָטש אין דער שפּראַך.

אָבער לאָמיר גלייכער צוטרעטן צו דער צווייטער הנחה וואָס

דערציילט אונז אַז די גרעסטע מערהייט פון די קינדער פון אונזערע שולן שטאַמען פון אַרבעטער עלטערן. דאָ ווייזט זיך אַרויס דאָס אומגליק פון אַ באַוועגונג ווען אירע טאָן־געבער נעמען דירעקטיוון פון ערגיץ אַנדערש.

נאָך אַלעמען ווען מען וויל עפּעס דערווייזן אין דערציאונג, איז פאַראַן אין דער וועלט אַן איינגעפונדעוועטע וויסנשאַפטלאַכע טראַדיציע וועגן דעם. פאַראַן אַן אויסגעאַרבעטע טעכניק. פאַראַן אָנווייזונגען וועגן מיטלען וואָס קאָנטראָלירן דעם גאַנג פון אַזאַ אַר־בעט. מיט איין וואָרט, עס איז פאַראַן אַ שול־באַוועגונג מיט די נייטיקע פאַרשידנאַרטיקע אַפּאַראַטן אויף צו זוכן און פעסטשטעלן. אמת, ניט אַלץ קען געטאָן ווערן מיט פולע זיכערקייט אין די רעזול־טאַטן, אָבער עס איז פאַראַן אַ וועג. און ווי לאַנג עס איז קיין בעסערער ניטאָ מוזן מיר זיך מיט אים האַלטן. דאָס אַלץ איז אָבער בלויז חל אויף די מענטשן וואָס אָטעמען אין דער אַטמאָספערע פון דער שול־באַוועגונג, פון דער דערציערישער באַוועגונג אין דער וועלט, אָבער ניט אויף אַזעלכע פאַר וועלכע די שול איז אַ מין ווילדער שבט, וואָס אַ פרעמדע ציוויליזירטע רעגירונג שיקט גובער־נאַטאָרן אים אויסצומענטשלען.

איז ווען עס קומט אַז מען דאַרף עפּעס דערווייזן, ווען מען דאַרף פאַר זיך אַליין און פאַר אַנדערע קלאָר מאַכן וואו מיר זענען ערגיץ אין דער וועלט און וואָס מיר דאַרפן טאָן, דעמאָלט זעט מען באַשיינפּערלאַך אַרויס די טויטנדיקע ווירקונג פון פרעמדע לאָזונגען, פון אַ זייטיקער אָריענטאַציע.

דער געדאַנק אַז בלויז דער אידישער אַרבעטער קלאַס איז פאַרבונדן מיט׳ן מאָדערנעם אידישן וואָרט, שטאַמט נאָך פון דער אַלטער היים, פון די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. מיר איז שוין אויסגעקומען פריער צו ריידן איבער דער שייכות צווישן דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער אידישער וועלט און דעם גאַנצן איצטיקן אידישיסטישן געדאַנקען־גאַנג. דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ אידישע קולטור אויף אידיש, איז דער באַוואוסטזיניקער אידישער

ארבעטער און זיין אינטעליגענץ געווען איר איין און איינציקער טרעגער. דאָס איז ניט געווען קיין סאָציאַליסטישע השערה, נאָר אַ פּשוט'ער פאַקט וועגן וועלכן עס האָט גאָר ניט געקענט זיין קיין חלוקי דעות. די רייכע אידן האָבן על פּי רוב געלעבט מיט דער לאַנד־שפּראַך. דער מיטל־קלאַס איז אינגאַנצן ווייט געווען פון מאָדערנער וועלטלאַכער בילדונג, און פאַר אים איז געווען געווען אידיש ווי אַ פּאַרקער־מיטל פאַר'ן גוף — און די אַלט־העברייאישע רעליגיעזע קולטור פאַר דער נשמה. בלויז דער אויפגעוואַכטער ארבעטער קלאַס האָט אין זיך פאַרייניקט אי אידיש אי אַ דאָרשט נאָך וועלטלאַכן וויסן. ממילא האָט ער געמוזט זיין דער איינציקער פאַקטאָר פון דער נייער, וואַקסנדיקער קולטור אויף אידיש.

אין אַמעריקע איז אָבער די לאַגע געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע. בלויז דאָ האָט געקענט געמאָלט זיין אַז די גרעסטע און אידישסטע אידישע יוניאָנס זאָלן אָנפירן אַ רייכע, פאַרצווייגטע און קאָסט־באַרע בילדונג־אַרבעט כמעט אינגאַנצן אויף ענגליש. דאָס רייסן זיך צו דער לאַנד־שפּראַך איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק ביי די אידישע אַרבעטער אין דער אַלטער היים ווי דאָ, אין אַמעריקע. ממילא איז דאָ דער ענין אידיש ניט געווען אַזוי ווייט אַן אַרבעטער ענין, ווי אַ געטריישאַפט צו די טראַדיציעס פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויף יענער זייט ים. אַזוי זעען מיר אַז דער אַרבעטער רינג, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען קיין אָרגאַניזאַציע פון לויטער אַרבעטער, ווי עס איז אַ יוניאָן, האָט יאָ געפירט אַ ברייטע בילדונג־אַרבעט אין אידיש. דאָס איז דערפאַר ווייל אין אַרבעטער רינג האָט תמיד געהערשט דער גייסט פון די בעסטע טראַדיציעס פון דער רוסיש־אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט.

אידיש איז דעריבער דאָ ביז אַ געוויסער מדרגה געוואָרן אויס אַרבעטער ענין. און דאָס האָט אַנדערש ניט געקענט זיין. ווייל אַ סך אַרבעטער און אינטעליגענטן פון דער אימיגראַציע פון אַרום 1905 זענען דאָ געוואָרן קליינבירגער, מיטלקלאַס מענטשן, און אַ גרויסע צאָל פון זיי האָבן — ניט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן געביטן דעם עקאָנאָמישן קלאַס צו וועלכן זיי האָבן אַמאָל געהערט —

דאָך געלעבט מיט'ן גייסט פון די אמאָליקע שיינע יאָרן, און אידיש איז געבליבן זייער לעבעדיקסטע אויסדרוק־פאָרם.

אמת, איצט איז אין דער ארבעטער וועלט די לאגע געוואָרן א היפּש ביסל אנדערש. די אנטוויקלונג פון דער לינקער באוועגונג האָט דאָ בא אונז אריינגעבראכט א נייעם און דערפרישטן אידישן קולטור שטראָם צווישן די ארבעטער־מאסן. אָבער דאָס איז דאָך געשען ערשט נעכטן, שוין לאנג נאָך דעם ווי די פּארטיידיקער פון סאָציאַליסטישע שולן האָבן פארבונדן אידישע קולטור בלויז און נאָר און דוקא מיט'ן ארבעטער קלאַס. אחוץ דעם איז דאָך נאָך אלץ אמת דער פאקט אז מיר האָבן דאָ א גרויסע צאָל מיטל־קלאַס מענטשן וואָס זייער איבערגעגעבנקייט דריקט זיך אויס אין גרויסע און וויכ־טיקע מעשים פאר אונזער זאך. עס קומט אויס אז אידיש האָט בא אונז, אין אמעריקע, א פיל נענטערע שייכות צו א אידישער רעוואָ־לוציאָנערער פארגאנגענהייט אויף יענער זייט ים, איידער צום פאקט פון זיין דאָ אן ארבעטער.

אזוי זעען מיר אז דער געדאנק וואָס איז אמאָל געווען א בוכ־שטעבלאכער אמת דאָרט, אין דער אלטער היים, איז אינ'ם נייעם לאנד שוין גאָר ניט אזא פולער אמת, און נייטיקט זיך אין גאָר אן אנדער פאָרמולע.

ווען מיר קומען דירעקט צו אונזער ענין, צו די שולן, האָט שוין דער פריערדיקער געדאנק גאָר א קנאפּן ווערט. ווייל אידישע קול־טור בכלל אונטערשיידט זיך פון שול־ארבעט אין איין וויכטיקן פּרט וואָס בייט אינגאנצן אום די לאגע. קולטור בכלל האָט צו טאָן מיט'ן דערוואקסענעם גופא, בעת די שול האָט בלויז צו טאָן מיט זיין קינד. אויב אפילו מען זאָל צוגעבן אז דער אינטערעס אין אידישער קולטור איז בלויז פאראן צווישן ארבעטער, איז נאָך אלץ ניט קיין מוז אז דאָס זעלביקע זאָל זיין אמת וועגן דער שול.

מען קען לייכט דערגיין וואָס עס איז א מענטשנס באציאונג צו אידישע קולטור ענינים ווען מען ווערט באקאנט מיט זיינע קולטור־רעלע אינטערעסן. אויב ער באזוכט אידיש טעאטער, לייענט אידישע ביכער, איז פאראינטערעסירט אין אידעאלן און באווע־

גונגען פון דער אידישער וועלט, ווייס וועגן די ווערק פון אידישע מאַלער, סקולפּטאָרן, קאָמפּאָזיטאָרן א. א. וו. דעמאָלט דאַרף מען קיין גרויסער חכם ניט זיין צו טרעפן וואָסער באַציאונג ער האָט צו אידישע קולטור. ווי איז אָבער דער דין ווען מיר ווייסן בלויז אז ער שיקט זיין קינד אין אַ אידישער שול? קענען מיר דערפון אַליין אויך וויסן וואָסער באַציאונג ער האָט צו אידישע קולטור? להלוטין ניט. מען שיקט געוויינטלאַך קינדער אין אונזערע שולן צוליב מאָטיוון וואָס האָבן אָפּט אַ גאַנץ קנאַפּע, אָדער ווייטע שייכות צו אידישע קולטור אינטערעסן. אַ קינד קען מען שיקן אין אַ אידיש־וועלטלאַכער שול ווייל „אַ אידיש קינד דאַרף קענען איד־דיש"; ווייל אַ תלמוד תורה איז צו ווייט, און בכלל — וואָס איז די נפקא מינה?" ווייל „שוין געפּרובירט העברייאיש און דאָס קינד האָט זיך גאָרניט אויסגעלערנט"; ווייל „כאָטש קיין רב וועט טאָקע דאָס קינד ניט זיין, אָבער אַ ביסל אידישקייט וועט ניט שאַטן"; ווייל „די פּאַבליק סקול איז רעאַקציאָנער און ענגהערציק פּאַטריאָטיש, זאָל דאָס קינד דאָ אויסגעפינען דעם אמת"; ווייל „די באָבע לאָזט ניט אָפּ, זי וויל דוקא אידיש כדי זי זאָל זיך קענען צוזאַמענרעדן מיט'ן קינד". מאַלע וואָסערע מאָטיוון עס טליען אין הארצן פון טאַטע־מאַמע. אמת, אויף אַ סך פון די דאָזיקע עלטערן קען מען זאָגן אז „מתוך שלא לשמה בא לשמה", אָבער דאָס לייקנט דאָך ניט אָפּ דעם געדאַנק וועגן דעם חילוק צווישן אידי־שער קולטור פאַר דערוואַקסענע און שול־אַרבעט.

זאָל מען פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, דאָך האַלטן אז אונזער שול ווערט געשטיצט בלויז פונ'ם אַרבעטער קלאַס און צוליב טעמים וואָס פאַר זיי קען זיך באַגייסטערן בלויז דער אַרבעטער־קלאַס? זעט איר, דאָס וואָלט שוין געווען אַן עולה צו לאָזן צום הוילן גלויבן. בנוגע דער צאָל פון אַרבעטער עלטערן אין די שולן, האָבן מיר דאָך דאָ ניט צו טאָן מיט טעאָריעס נאָר מיט פּשוט'ע פאַקטן. היינט ווי קען מען וועגן אַזעלכע ענינים אַרויס־לאָזן אַפילו אַ קלאַנג פון מויל אייִדער מען זוכט אונטער די פּאַק־טישע לאַגע? איז וואָס זשע הערט זיך מכח סטאַטיסטיק?

סטאַטיסטיק? יאָ, עפּעס ווייזט אויס איז געטאָן געוואָרן אין דעם פּרט. אמת, קיין קלאָרע, פּארעפּנטלאַכטע מאַטעריאַלן האָבן מיר ניט. נאָר עס גייען ארום קלאַנגען, אזוי ווי ספּיריטואַליס־טישע גייסטער, וואָס דערציילן אז מען האָט טאַקע געפאָרשט, און עס ווייזט זיך ארויס אז ארום 80 פּראָצענט פון די עלטערן זענען ארבעטער. וואָלט דאָס געווען גאַנץ וויכטיקע אינפאָרמאַציע ווען די ציפערן זאָלן ארויס פון זייער אונטערערדישער באהאַלטנקייט און אונז קלאָר מאַכן פינף פּונקטן, וואָס אָן דער דאָזיקער קלאָרקייט איז די גאַנצע סטאַטיסטיק בלויז פּארטיי פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ניט קיין אָביעקטיווע פאָרשונג.

1. מיר דאַרפן וויסן צי זענען די 80 פּראָצענט א דורכשניט אין די באזונדערע שולן, אָדער איז דער חשבון דערגרייכט געוואָרן אזוי אז עס זענען פּשוט פאַראַן מער שולן וואו די ארבעטער זענען א מערהייט איידער אַזעלכע וואו זיי זענען א מינדערהייט. דער חילוק איז אומגעהייער. וואָרים אויב דאָס לעצטע איז אמת, וועט עס הייסן אז אונזערע שולן — וואָס די גרעסטע צאָל פון זיי זוכט צו געווינען נאָר ארבעטער — האָבן בלויז געפירט זייער טעטיקייט אין געגנטן וואו די ארבעטער זענען אין גרויסע צאָלן צווישן די איינוואוינער. און אויב ניט קוקנדיק אויף דעם, האָבן זיך א קלע־נערע צאָל שוין אויך פארשפּרייט אין געגנטן מיט א קליינבירגער־לאַכער מערהייט, איז דאָך, ווינציקסטנס, מעגלאך אז א ריין אידיש־וועלטלאַכע לאָזונג וואָלט געקענט ווייט אריבערשפּאַנען די גרענעצן פון ארבעטער קלאַס.

דאָ זעען מיר אויך אז דער אַלגעמיינער באַגריף „דאָס רוב עלטערן” האָט קיין ווערט ניט סיידן מען זאָל אים ווי געהעריק קוואַליפיצירן. לאָמיר אָננעמען אז פון צוויי הונדערט שולן זענען פאַראַן הונדערט און פופציק וואו די ארבעטער עלטערן האָבן א מערהייט, און בלויז אין פופציק זענען די קליינבירגער א מערהייט. דעמאָלט האָבן אַלץ די ארבעטער אן אבסאָלוטע מערהייט. אָבער וואָס קען אונז אין דעם פאַל העלפן אן אַלגעמיינע אבסאָלוטע מער־הייט? פאַר א היסטאָריקער, אָדער סאָציאָלאָג, וועט זיין זייער

אינטערעסאַנט אַזאַ אינפאָרמאַציע פון שטאַנדפונקט פון געזעל־שאַפטלאַכע טענדענצן אין אידישן לעבן. אָבער פאַר שול־מענטשן — וואָס זאָלן זיי טאָן מיט די פופציק שולן וואו די ארבעטער־עלטערן זענען אַ מיעוט? ווי קען מען אין אַזעלכע שולן רעדן פון ארבע־טער־קינדער? דאָ קען מען אָדער זיך אָפּזאָגן פון די סאָציאַליס־טישע פּארטיי לאָזונגען, אָדער ארויסוואַרפן די קליינבירגער קינדער פון דער שול. איז אין ערשטן פאַל וועט עס הייסן אַ פולשטענ־דיקער דורכפאַל פון דער טעאָריע פון די שול־סאָציאַליסטן, און אין צווייטן פאַל וועט עס הייסן אַז די שול וויל ניט די קליינבירגער, אָבער ניט אַז די קליינבירגער ווילן ניט די שול.

2. זענען געמאַכט געוואָרן פארגלייכן צווישן פארשידענע יאָרן כדי צו זען אַן אַלגעמיינע טענדענץ? וואָרים אויב די טענ־דענץ איז אויף דער זייט פון אַ באַשטימטן קלאַס מאַכט דאָך שוין ניט אויס ווי גרויס זיין צאָל איז אינ'ם מאָמענט ווען די סטאַטיס־טיק ווערט געמאַכט. עס איז דאָך אַ סך וויכטיקער צו וויסן צו עס איז בכלל פאַראַן אַ באַשטימטע טענדענץ אין דעם פּרט?

3. האָט די סטאַטיסטיק אַ שייכות צו אַלע שולן אין ניו יאָרק, אפילו אויך צו די וואָס שטרייכן ניט אונטער קיין שום קלאַס? דאָס איז דאָך וויכטיק צו וויסן כדי צו באַשטימען צו די 80 פּראָצענט (אין וואָס מיר מעגן בכלל גאַנץ שטאַרק צווייפלען) זענען אַ רעזולטאַט פון אַגיטאַציע, אָדער פון דעם וואָס די שולן האָבן בכלל אַ נאַטירלאַכע צוציאונג בלויז פאַר אַ באַשטימטן קלאַס?

4. די קלאַנגען וועגן אַ סטאַטיסטיק דרייען זיך עפּעס בלויז ארום ניו יאָרק. איז וואָס זשע הערט זיך מכח דער פּראָווינץ? מיר ווייסען בלויז אַז די פּראָווינץ האָט אַ גאַנץ היפּשע צאָל שולן און אַ גאַנץ קליינע צאָל ארבעטער. וואָלט דאָך געווען אינטערע־סאַנט צו וויסן צי די מעגלאַכקייט פון בויען שולן אין דער פּראָ־ווינץ דאַרף זיך מעסטן מיט דער צאָל ארבעטער אין אַ געגעבן שטעטל. עס וואָלט געווען, למשל, אינטערעסאַנט צו וויסן פאַר־וואָס עס קען זיך ניט האַלטן קיין שול, זאָגן מיר, אין ספּרינגפילד, מאַס., און מיר האָבן יאָ אַ שול אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ. איז

דאָס דערפאַר ווייל אין אַטלאַנטאַ זענען פאַראַן מער אידישע אַר־בעטער ווי אין ספּרינגפילד? אויב אין מעמפיס, טענעסי, זענען פאַראַן צוויי שולן און אין נואַרק, ניו דזשוירזי, אויך צוויי שולן, איז דאָס דערפאַר ווייל אין נואַרק זענען פאַראַן די זעלביקע צאָל אידישע אַרבעטער ווי אין מעמפיס? אויב די שול פון פּערט עמבאָי, ניו דזשוירזי, האָט מער קינדער און איז בעסער אַוועקגע־שטעלט ווי די שול פון באָסטאָן, איז דאָס דערפאַר וואָס פּערט עמבאָי האָט מער אידישע אַרבעטער איידער באָסטאָן? אויב יוס־טאָן, טעקסעס, האָט יאָ אַ שול און דזשוירזי סיטי — ניט, זאָלן מיר אפשר פון דעם דרינגען אַז יוסטאָן האָט מער אידישע אַרבעטער ווי דזשוירזי סיטי? ווי קען די סטאַטיסטיק, אויב זי זאָל האָבן דעם מינדסטן ווערט, איבערגעלאָזן ווערן בלויז צו ניו יאָרק, וואו אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן (ווי, למשל, וואָס דאָ האָט די אַרבעטער באַווע־גונג אַ סך מער אינטעליגענטע כחות, א. ד. ג.) קענען שפּילן אַ גרויסע ראָלע? און אפילו בנוגע ניו יאָרק קען מען אויך פרעגן אַן ענלאַכע פראַגע: ווי זאָל מען דערקלערן דעם פאַקט וואָס די געגנט צווישן קוני איילאַנד און באָראָ פּאַרק האָט צען שולן בעת דאַון טאַון און וויליאַמסבורג האָבן צוזאַמען בלויז פינף? איז דאָס דערפאַר וואָס אין דער ערשטער געגנט זענען פאַראַן מער אידישע אַרבעטער ווי אין דער צווייטער?

5. אַ סטאַטיסטיק אויף וועלכער מען זאָל זיך קענען פאַר־לאָזן דאַרף אונז אָנווייזן ווי אַזוי זי האָט קאָנטראָלירט איר אַרבעט כדי ניט אַריינצופאַלן אין קליינע טעות'לאַך וואָס צעשטערן איר נאַנצן ווערט. אויב, למשל, די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט דער הילף פון די לערער פון די באַזונדערע שולן, פרעגט זיך: ווי אַזוי האָט זיך דער סטאַטיסטיקער באַוואָרנט אַנטקעגן דעם לערערס מעגלאַכער טענדענץ צו וועלן האָבן וואָס מער אַרבעטער אין זיין שול? אַזאַ טענדענץ איז זיכער פאַראַן באַ לערער, און אַז אָט אַזאַ טענדענץ קען דער'הרג'ענען דעם ווערט פון אַ סטאַטיסטיק, דאָס ווייס יעדער מענטש וואָס האָט זיך באַשעפטיגט מיט אַזאַ אַרבעט. וואָס זשע האָבן די סטאַטיסטיקער געטאָן כדי דערפון זיך

אָפּצוהיטן? אַחוץ דעם איז נייטיק צו וויסן צו פירן טאַקע אַלע שולן אַ סטאַטיסטיק פון די עלטערנס פּראָפעסיעס, אָדער מען פאַר־לאָזט זיך אויך אויף איינדרוק און זכרון. און דערצו נאָך דאַרף מען אונז אויך מיטטיילן צו איז אין אַלע שולן פאַראַן אַן איינהייט־לאַכע פאָרם פון קלאַסיפיצירן פּראָפעסיעס. עס איז דאָך מעגלאַך אַז אין איין שול וועט מען, למשל, אינשורענס אַגענטן פאַררעכענען פאַר אַרבעטער (אַ לערער וואָס „ווייל האָבן" וואָס מער אַרבעטער אין זיין שול קען דאָס זייער לייכט טאָן, אַנדערע קענען מאַכן פאַר־שידענע אַנדערע קלאַסיפיקאַציעס ווי עס פאַלט איין אין דער רגע) און אין אַן אַנדער שול וועט מען פון זיי מאַכן „ליבעראַלע פּראָפעס־סיעס" אָדער קליינבירגער, און דאָס וועט אינגאַנצן צעשטערן דעם ווערט פון די דערגרייכטע ציפערן.

לעצטענס — אַלץ אין פאַרבינדונג מיט'ן פינפטן פּונקט — צי האָט זיך דער סטאַטיסטיקער אויך באַוואָרנט אַנטקעגן דער מעגלאַכער טענדענץ פון עלטערן צו וועלן שטיין אין דער ליסטע פון אַרבעטער, ספּעציעל אין אַ שול וואו אַנדערע קלאַסן ווערן פיינטלאַך איגנאָרירט? אָט דערציילט אונז נ. שטיף אַנומלטן אין דער „פרייהייט" אַז ער צווייפלט אינ'ם אמת פון דער סטאַטיסטיק אַז די גרעסטע צאָל געוואָרענע אידישע קאָלאָניסטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד שטאַמט פונ'ם קלאַס האַרעפּאַשניקעס. ווייל די סטאַ־טיסטיק איז געבויט אויף פראַגעס, און אויב מען פרעגט אַ אידן צו וועלכן קלאַס ער האָט פריער געהערט — אין אַ לאַנד וואו הענד־לעריי ווערט אוועקגעשטעלט ווי אַן אוממאָראַלע באַשעפטיקונג — וועט ער מסתמא זאָגן וואָס מען דאַרף אַבי ניט אַראָפּצופאַלן מאָ־ראַליש אין די אויגן פונ'ם פרעגער. אַחוץ דעם איז מיר אַליין אויסגעקומען עטלאַכע מאָל פעסטצושטעלן אַז עלטערן האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר אַרבעטער, כאָטש זיי זענען עס ניט געווען, גראָד אין אַ שול וואו מען האָט בכלל קיין קלאַס־לאָזונגען ניט אַרויסגע־שטעלט. דאָס איז מסתמא דערפאַר וואָס ווען מען שטעלט זיך אויף דער ליסטע פון אַרבעטער האָפט מען ניט צו ווערן צו פיל באַלעסטיקט מיט אָפטע בקשות צו העלפן פאַרקלענערן די דעפיציטן.

סטאטיסטיק און בכלל יעדע אנדערע ארבעט אין שולן פארדערט א גייסט פון שטענדיקן זוכן און פון א גרייטקייט אנצונעמען אלץ וואס ענדלאכע רעזולטאטן וועלן דערווייזן. אבער אזא גייסט איז א געפאר פאר יעדער פארטיי, און איז אוממעגלאך פאר א שול וואס באפאנצערט זיך מיט לאזונגען וואס שטאמען ניט פון ריין דערציערישן פעלד. פארטיי לאזונגען אויפ׳ן פעלד פון דערציאונג איז פונקט ווי מיר וואלטן אונטערגעשריבן א בלאנקן וועקסל און איבערגעבן א פרעמדן עם אויסצופילן, אן שום דעה וואסער סומע יענער וועט אויפשרייבן. און ווען די צייט קומט, דאס וועקסל ווערט פעליק, איז פאראן בלויז איין זאך צו טאן — צאלן. און מיר האבן, דוכט זיך, שוין ביז איצט געזען, און מיר וועלן נאך ווייטער זען, ווי טייער עס איז דער פרייז וואס מיר צאלן און צאלן.

.7

## דאס „ארבעטער־קינד"

דער וואס וויל זיך האלטן באם געדאנק אז אין אמעריקע — פונקט ווי אמאל אויף יענער זייט ים — ליגט דער אינטערעס אין אידישער קולטור (אויף אידיש) אין שטרענגע קלאס־גרעניצן, דער וואס וויל זיך דוקא האלטן בא אזא געדאנק, קען ער דאס בלויז טאן מיט עקשנות, ניט מיט פאקטן. מיר קענען זיך לייכט פארשטעלן וואס עס וואלט פארקומען, למשל אין ווארשע, ווען פירער פון שניידער פאריין זאלן אויסגעבן צענדליקער טויזנטער אויף בילדונג־ארבעט אין פויליש. מיר קענען זיך משער זיין, אז די פראטעסטן וואלטן געגאנגען עד לב השמים. אבער דא, אין אמעריקע, גייט אן אזא ארבעט שוין יארנלאנג, און עס הערט זיך ניט אפילו קיין קריי פון א האן. אפילו די לעצטע יארן, ווען דער קאמף צווישן רעכט און לינק האט אנגענומען מורא׳דיקע פארמען, איז אלץ דער דאזיקער מאמענט ניט געווארן קיין שטרייט־פונקט. און וואלטן די קאמוניסטן — וואס צויבענען זיך אויס מיט קולטור ארבעט אין אידיש — געפילט אז

א לאָזונג „אידיש אין דער בילדונג פּראָגראַם פון די יוניאָנס“, קען צוציען די אַרבעטער מיטגלידער צו זייער צד, וואָלטן זיי אויף דעם פּונקט זיכער אויפגעהויבן א ביטערן קאַמף, פּונקט ווי זיי האָבן עס געטאָן אין שייכות צו אַנדערע יוניאָן פּראָבלעמען.

אַז די יוניאָנס האָבן ניט קיין שום אָפיציעלע שייכות צו אונזערע מאָדערנע אידישע שולן, וועגן דעם איז דאָך שווין אָפּגערעדט. דאָס זעלביקע איז דאָך אמת וועגן אַלע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַ חוץ די פּועלי ציון. קומען מיר ממילא צום אַרבעטער רינג, וואָס פירט כמעט זיין גאַנצע בילדונג טעטיקייט אין אידיש און פאַרמאָגט אויך די גרעסטע אידישע שולנעץ אין אמעריקע. זענען אָבער גראָד אין אַרבעטער רינג פאַראַן אַ גאַנץ גרויסע צאָל מיטגלידער וואָס זענען ניט קיין אַרבעטער.

ווי גרויס עס איז די דאָזיקע צאָל איז אוממעגלאַך צו באַשטימען פון די אָפיציעלע ציפערן פון אַרבעטער רינג. די דאָזיקע סטאַטיסטיק הייבט זיך אָן מיט דער צאָל „ביזנעסלייט“. דאָס איז די איינציקע רובריק וואָס האָט אַ זיכערע שייכות צו ניט-אַרבעטער. אָבער דערנאָך ווערן אויסגערעכנט פאַרשידענע פאַכן — שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס א. א. וו. — אָבער עס ווערט ניט אָנגעגעבן צי די מענטשן אַרבעטן בּאַ יענעם, צי זיי אַרבעטן פאַר זיך צי אַנדערע אַרבעטן פאַר זיי. האָבן מיר טאַקע ניט אין דער סטאַטיסטיק קיין שום רובריק פאַר באָסעס, אָדער פאַבריקאַנטן, כאָטש מיר ווייסן אַז אַזעלכע זענען פאַראַן אין דער אָרגאַניזאַציע, ווי קליין אָדער ווי גרויס זייער צאָל זאָל ניט זיין. ווען אַ מיטגליד קומט אַריין אין אַ ברענטש און מען פרעגט אים: „אייער באַשעפטיגונג?“ — קען ער ענטפערן מיט'ן נאָמען פון'ם פאַך, אָבער ער דאַרף ניט געבן זיין ספּעציעלע פּאָזיציע אין אים, וואָס די פאָרם פון דער פראַגע זוכט ניט צו באַשטימען.

אחוץ דעם קען אין דער סטאַטיסטיק פון אַרבעטער רינג ניט זיין קיין שום ידיעה וועגן די ענדערונגען אין די פּרנסות פון זיינע מיטגלידער. די ציפערן האָבן בלויז אַ שייכות צו

די באַשעפטיגונגען פון די מיטגלידער בעת זיי האָבן זיך פאַרשריבן אין דער אָרגאַניזאַציע, אָבער וואָס עס איז מיט זייער שפּעטער פאָרגעקומען עקאָנאָמיש, קען מען פון די ציפערן ניט וויסן. יעדער איינער קען זיך לייכט פאָרשטעלן וואָסער געוואַלטיקע ענדערונג עס וואָלט פאָרגעקומען אין דער סטאַטיסטיק, ווען זי זאָל פאַרצייכענען די רעזולטאַטן פון דער באַוועגונג „ארויס פון שאַפּ“, וואָס ווערט אַזוי ברייט און אינטענסיוו געפירט צווישן אידן.

יעדענפאַלס וועט, גלויב איך, יעדער איינער מודה זיין, אַז אין ארבעטער רינג זענען פאַראַן אַ סך ניט־ארבעטער, וואָס שטיצן מיט'ן גאַנצן הארצן די שול־באַוועגונג. אָבער — וועט מען טענה'ן — דער ארבעטער רינג איז דאָך פאָרט אַן ארבעטער אָרגאַניזאַציע, אמת, פאַראַן דאָרט אַ היפּשע צאָל מיטלקלאַס מענטשן, אָבער די אָרגאַניזאַציע איז אַן ארבעטער אָרגאַניזאַציע אין דעם זינען וואָס זי שטייט אויפ'ן „שטאַנדפּונקט פון ארבעטער קלאַס“.

ווען מען באַנוצט געוויינטלאַך אַזאַ פּשוט וואָרט ווי „ארבעטער“, וואָלט מען דאָך געקענט מיינען אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן מענטשן וואָס ארבעטן באַ קאַפּיטאַליסטן אין פאַבריקן, און ניט עפּעס אַנדערש. לאָזט זיך אָבער אויס אַז ס'איז ניט אמת. עס קען אויך מיינען אַ שטאַנדפּונקט אַזאַ, אָן שום שייכות צום מענטשנס באַשעפטיקונג. ווען מען זאָגט, הייסט עס, אַז בלויז א ר ב ע ט ע ר זענען פאַראינטערעסירט אין אידישער קולטור אויף אידיש, קען עס מיינען טאַקע אמת'ע ארבעטער, אָבער עס קען אויך מיינען שפּייזקרעמער, פאַבריקאַנטן, הויזאייגענטימער, געשעפטסלייט, וואָס איז דער חילוק? די גאַנצע פראַגע איז ניט וועגן דעם וואָס אַ מענטש ט ו ט כדי מען זאָל אים רופן ארבעטער, נאָר אויף וואָסער שטאַנדפּונקט ער שטייט. איך זע ניט איין פאַרוואָס אויך דאָס פאַרקערטע זאָל ניט זיין אמת. ד. ה. אַ פאַבריק־ארבעטער וואָס שטייט ניט אויפ'ן געהעריקן שטאַנדפּונקט איז ניט קיין ארבעטער. דאָס וועט הייסן אַז „ארבעטער“ איז אַזאַ מין טיטל פאַר מענטשן וואָס

„האַלטן מיט אונז“. ממילא איז „קליינבירגער“ ניט בלויז אַ קלאַס, נאָר אויך אַ זידל־וואָרט פאַר מענטשן וואָס „האַלטן ניט מיט אונז“.

דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער גאַנג פון פּאַרטיי־שפּראַך. אמת, אַ שול, ווי שוין באַמערקט, איז גיכער „פילאָזאָפישער־קלוב“ איידער „פּאַרטיי“, נאָר וואָס קען מען זיך העלפן אין אונזער גרויסער אינטעלעקטועלער דחקות, ווען עס איז כמעט ניטאָ קיין אַקאַדעמיש לעבן אין אונזער סביבה? הייסט עס אַז ווען מען זאָגט „ארבעטער קלאַס“ קען דאָס האָבן אַ שייכות ניט צו מענטשן, נאָר צו אַ שטאַנדפּונקט. איז וואָס זשע טוט מען מיט׳ן „ארבעטער־קינד“? איז דאָס אפשר אויך ניט קיין לעבעדיק קינד, נאָר אַ שטאַנדפּונקט? אויב אַזוי, צו וואָס דאַרף מען זיך באַגרענעצן בלויז מיט „ארבעטער־קינדער“. קען מען דאָך אויך ריידן פון „ארבעטער־אייניקלאַך“, „ארבעטער־שוועסטערקינדער“, און אַזוי אָן אַ סוף. ניין, אויב אונטער „ארבעטער קינדער“ זאָל מען פאַרשטיין בלויז (אָדער א ו י ך בלויז) אַ שטאַנדפּונקט, דעמאָלט וואָלט עס געהייסן חוזק מאַכן פון זיך, ניט מער.

אויב פונ׳ם „ארבעטער־קלאַס“ קען מען נאָך ווי ניט איז אַרויסנעמען די ארבעטער און אַריינרוקן אַ שטאַנדפּונקט, קען מען דאָס באַין אופן ניט טאָן בנוגע ארבעטער־קינדער. דאָ מוז מען פאַרשטיין פּראָסט פּשוט קינדער, וואָס זייערע עלטערן ווערן עקספּלואַטירט אין פאַבריקן.

עס מוז עפּעס זיין אַ טיפע סיבה פאַרוואָס מען זאָל דוקא ריידן אין נאָמען פון ארבעטער־קינדער. אַנדערש איז דער גאַנצער ענין פּשוט ניט צו פאַרשטיין. די שול האָט דאָך פאַקטיש אַ היפּשע צאָל קינדער וואָס זייערע עלטערן זענען ניט קיין ארבעטער. זאָל זיין אַז אָט די קינדער זענען אין אַ מינאָריטעט, איז וואָס? „מינאָריטעט־קינדער“ זענען דאָך אויך קינדער, לעבעדיקע, מענטשלאַכע קינדער. אַז מען זאָל אַזעלכע קינדער פּראַקטיש אַריינגעמען אין דער שול און טעאָרעטיש זיי פון דאָרטן אַרויס־וואַרפן, דאָס איז אַ פּראָצעדור וואָס מוז האָבן עפּעס אַ טיפן

שכל אין זיך. אחוץ דעם, אויב דער צוועק פון דער שול איז צו פאַרגרעסערן די סאָציאַליסטישע רייען אין דער וועלט, פאַרוואָס ניט פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם אויך צווישן קינדער וואָס קומען ניט פון ארבעטער היימען?

טענה'ן אָבער די שול־סאָציאַליסטן, אַז ניט אַלץ וואָס מען וויל קען מען דורכפירן. עס זענען פאַראַן געזעצן וואָס זענען שטאַרקער פונ'ם מענטשלאַכן ווילן. און דאָס „געזעץ" זאָגט, אַז ארבעטער־קינדער קענען טאַקע אויפנעמען דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, אָבער פאַר קינדער פון ניט־ארבעטער איז דאָס אַ צו שווערע הלכה.

אויב מיר האָבן שוין צו טאָן מיט „געזעצן" קען שוין, פאַרשטייט זיך, קיין טאָמער ניט העלפן. אַ געזעץ איז קאַלט און אומברחמנות'דיק. אָבער יעדנפאַלס ליגט דאָ פאַר אונז זייער אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע. מיר געפינען אויס אַז „ארבעטער־קינדער" איז ניט אַ טערמין, וואָס גיט אונז בלויז ביאָגראַפישע ידיעות, ד. ה. אַז די עלטערן פונ'ם קינד זענען ארבעטער, נאָר אויך פּסיכאָלאָגישע ידיעות: אַן ארבעטער קינד איז פּסיכיש אויף אַזוי ווייט אַנדערש פון אַלע אַנדערע קינדער, אַז עס זענען פאַראַן אידייען וואָס בלויז דאָס דאָזיקע קינד קען אויפנעמען, בעת אַנדערע — ניט. פון וואַנען איז דאָס געדרונגען? ווער האָט אַריינגעטאָן אַ האַנט אין קאַלט וואַסער אויסצופאָרשן די דאָזיקע געוואַלטיק קאָמפּליצירטע פּראָבלעם?

דער פאַרזוך צו בויען די דאָזיקע טעאָריע אויף דער מאַ־טעריעלער דחקות, אין וועלכע עס דערציען זיך ארבעטער קינדער, האָט ניט קיין שום טעאָרעטישן ווערט. אונזערע שול־סאָציאַ־ליסטן זענען דאָך אַלע, ווינציקסטנס „כמעט מאַרקסיסטן", מעגן זיי לכל הפּחות זיין געטריי צום מאַרקסיסטישן געדאַנקען־גאַנג און ניט צונויפמישן „ארבעטער" מיט „אָרימאַן". אַן ארבעטער איז אַן ארבעטער ניט ווייל ער איז אָרים, נאָר ער איז אָרים ווייל ער איז אַן ארבעטער. די ספּעציעלע פּסיכישע שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן אַן ארבעטער, ווי אַן ארבעטער, נעמען זיך ניט פון נעגאַטיווע סיבות, פון דעם וואָס עס פעלט

אים אויף פרנסה און באקוועמלאכקייט, נאָר פון פּאָזיטיווע סיבות, פון זיינע ספּעציעלע פונקציעס אין פּראָדוקציע פּראָצעס, און פון די באדינגונגען פון זיין לעבן וואָס שטאַמען פון אָט די פונקציעס.

עס איז בלי ספק אמת, אז אָרימקייט און רייכקייט האָבן זייערע טיפע ווירקונגען אויפ׳ן לעבן פון א קינד. אמת, אין וואָס אָט די ווירקונגען באשטייען איז אַן אנדער פראגע, אָבער לחלוטין אַן אנדער פראגע, וואָס דאַרף אונז איצט ניט אינטערעסירן. אָבער וואָסער שייכות האָט דאָס בכלל צו אונזער ענין? אויב אַלגעמיינע אָרימקייט איז א בעסערער באָדן פאַר סאָציאַליסטישן איינפלוס, דעמאָלט וואָלט דאָך גלייכער געווען צו ריידן פון אָרימע קינדער, ניט פון ארבעטער־קינדער. נאָך מער, דעמאָלט וואָלטן מיר געדאַרפט קלאַסיפיצירן די קינדער פון אָרימע ארבעטער און פון אָרימע קליינבירגער פון איין זייט, און די קינדער פון פאַרמעגלאַכערע ארבעטער און פון פאַרמעגלאַכע קליינבירגער, פון דער אַנדערער, און אזוי כסדר. דאָס וואָלט געהייסן אַז ניט „ארבעטערקייט" נאָר אָרימקייט איז די מאָס. אָבער דאָס וואָלט דאָך אויך צונישט געמאַכט די גאַנצע טעאָריע אַז עס איז פאַראַן אַזא באַשעפעניש, אַזא פּסיכיש איינגנאַרטיקע בריאה ווי אַן „ארבעטער־קינד"?

מען קען גלייך דערזען אין דעם באַגריף „ארבעטער־קינד" דעם איינפלוס פון דער טעאָריע אָן וועלכער עס האַלטן זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. און עס ליגט זיך לייכט אויפ׳ן שכל אַז אַ מענטש וואָס קומט דירעקט פון דער פּאַרטיי אין דער שול, אַנגעזאַפּט מיט די פּאַרטיי־טעאָריעס, זאָל יענע טעאָריעס אָנווענדן אויף דערציאונג. אמת, אין דער פּאַרטיי זענען פאַראַן ארבעטער, בעת דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט קינדער. עס איז דעריבער גאָרניט אזוי כשר צו האַלטן זיך בּאַ דער זעלביקער טעאָריע בעת די סיטואַציע איז אינגאַנצן אַן אַנדערע. אָבער אַ דענק־געוואוינהייט עסט זיך איין פונקט אזוי טיף אין אונזער טבע, ווי יעדע אַנדערע געוואוינהייט.

ווען די סאָציאַליסטן ריידן וועגן דער ספּעציעלער „ארבעטער פּסיכאָלאָגיע", האָבן זיי אין זינען אַזעלכע פאַקטאָרן ווי פּראָ־

דוקטיווע ארבעט, באַלאַבאָס, פאַבריק, עקספּלואַטאַציע, קלאַסן־קאַמף, און אַלע איבעריקע מאָמענטן וואָס זענען פאַרבונדן מיט אָט די טרייבנדיקע כחות. נעמען אונזערע שול־סאָציאַליסטן און אָן שום טענות ומענות טראָגן זיי איבער דעם זעלביקן באַגריף אויף די קינדער פון די ארבעטער, כאָטש אויף די קינדער ווירקט ניט קיין איינער פון די פאַקטאָרן וואָס שאַפן די ספּעציעלע פּסיכאָלאָגיע בא זייערע עלטערן. און אויב אָט די ספּעציעלע ארבעטער פּסיכאָלאָגיע מאַכט מעגלאַך אַז צו ארבעטער זאָל זיך גיכער צוקלעפּן דער סאָציאַליזם, ווי זשע קען דאָס זיין אמת אין שייכות צו קינדער — זאָל זיין ארבעטער קינדער — וואָס מיט פּראָדוקטיווער ארבעט פאַרנעמען זיי זיך ניט (מיר ריידן דאָך פון אַזעלכע וואָס גייען אין שול), קיין באַלעבאָס האָבן זיי ניט, אין אַ פאַבריק מיט אַנדערע ארבעטער געפינען זיי זיך ניט, עקספּלואַטירט ווערן זיי ניט, און קיין קלאַסן־קאַמף פירן זיי ניט?

דאָ אַפּעלירן די שול־סאָציאַליסטן צום שכל. על פּי שכל דאַרף, זאָגן זיי, אויסקומען, אַז די ארבעטער־היים זאָל האָבן אַזאַ און אַזאַ ווירקונג אויף די קינדער. און טאָמער ווערט מען אָנווייזן אַז היינטיקע צייטן איז פאַראַן אַ קנאַפּע נפקא מינה צווישן אַן ארבעטער היים און אַ היים פון סתם אַ קבצן, ווערט נאַטירלאַך באַלד איבערגיין דער שמועס צו דער אומפאַרמיידלאַ־כער סטרייק־פראַגע.

עס איז זיכער אמת, אַז אַ סטרייק האָט בלויז אַ שייכות צו אַן ארבעטער היים, אָבער וואָסער ווירקונג דאָס דאַרף האָבן אויף אַ קינד, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. איך זע ניט איין קיין שום חילוק — פון שטאַנדפּונקט פון דער ווירקונג אויף קינ־דער — צווישן אַ היים וואו דער טאַטע סטרייקט און אַ היים וואו דער טאַטע גייט אַזוי ארום אָן פּרנסה. איןביידע פאַלן איז טרויעריק אין הויז. אין ביידע פאַלן מוז יעדער מיטגליד פון דער פאַמיליע פילן אַז „ס'איז ניטאָ אויף שבת". אמת, אין דער היים וואו דער טאַטע סטרייקט, רעדט מען וועגן סטרייקס, באַלעבאַטים, ארבעטער, א. ד. ג. דאָס קינד הערט נאַטירלאַך

די דאָזיקע רייד. אָבער וואס זשע איז פון דעם געדרונגען? זאָלן מיר טעאָרעטיש דערלאָזן אז ארבעטער־רייד אָן שום ספּע־ציפישע ארבעטער־איבערלעבונגען זאָלן מאכן אזאַ'ן איינדרוק אויף דער פּסיכיק פון אַ קינד, אז די רייד אַליין זאָלן באַשאַפן אזא באַזונדער באַשעפעניש ווי אַן ארבעטער־קינד? עס קלינגט פּשוט קאָמיש ווען מארקסיסטיש־געשטימטע מענטשן פילן זיך גע־צוואונגען צוצושרייבן צו שפּראַכלאַכע קלאַנגען אזא כשוף'דיקע בייזע גבורה.

אָבער צו וואס דאָס גאַנצע ריידן „על פּי שכל"? מיר זענען דאָך עפּעס אַ דערציאונג אינסטיטוציע, וואו יעדער סאָרט „על פּי שכל" איז אַ שוואַכער ארגומענט סיידן ער קען זיך שטיצן אויף עפּעס וואָס מען האָט אויספּרובירט. אָט דער עקספּערי־מענטאַלער גייסט איז דאָך די וויכטיקסטע דערגרייכונג אין דער־ציאונג. סתם ארויסרוקן געוואַגטע טעאָריעס, און בויען אויף זיי געזעלשאַפטלאַכע ארבעט, און דאָס אַלץ געשטיצט אויף „על פּי שכל", דאָס דאַרף ניט באַפרידיקן קיין היינטוועלטיקע מענטשן.

פון שטאַנדפּונקט פון „על פּי שכל" האַלטן אַ סך מענטשן, אז קינדער זענען גרויזאַם, ווייל אפילו אַ טויט אין דער פאַמיליע מאַכט אויף זיי ניט קיין לאַנג־דויערנדיקן איינדרוק. אבער נעמט למשל, אזא דערשיינונג ווי גרויסע סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס, פּאָגראָמען. איז ניט „דער שכל מחייב" אז קינדער וואָס האָבן אזעלכעס איבערגעלעבט זאָלן זיין כמעט גאָר אַנדערע באַשעפענישן? מיר איז אויסגעקומען צו לייענען פּובליציסטישע באַ־שרייבונגען פון קינדער פון אוקראַאינישע געגנטן. איז אַלץ וואָס די שרייבער האָבן געזען און ניט געקענט פארשטיין, האָבן זיי עס צוגעשריבן צו די איבערלעבונגען אין די יאָרן פון מלחמה, פּאָגראָמען און רעוואָלוציע. האָבן מיר גראָד אַ פּאָרזיכטיקע אונ־טערזוכונג פון דעם ענין, וואָס פּראָפעסאָר שנייאורסאָן האָט גע־מאַכט אין 1919 אין אוקראַינע, ד. ה. אין דער צייט און אויפ'ן פּלאַץ פון שרעקלאַכע סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס. און שנייאורסאָן קומט צום שלום אז „קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן רופן ארויס געוויינטלאַך ביים נאָרמאַלן קינד אַ לפי ערך שוואַכע, ניט לאַנג־

דווירענדיקע עמאָציאָנעלע רעאקציע״ („די קאַטאַסטראָפאַלע צייטן און די וואקסנדיקע דורות״, ז. 56, 57).

איז אויב דאָס איז אמת וועגן אזעלכע שרעקלאַכע סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס, האַלט עס שוין, גלויב איך, גאַנץ שמאָל מיט די „נויטווענדיקע״ ווירקונגען פון רייד וועגן סטרייקס. איך האָב שטאַרק מורא, אַז „ארבעטער־קינד״ האָט ניט מער פּסיכישע באַ־וונדערקייט אין זיך ווי, למשל, „ברוקלינער־קינד״, אָדער „באַנאַ־נע־הענדלער־קינד״, אָדער „מנחם־מענדל־פלום־שיינע־שיינדל קינד״.

איך רעכן אויך, אז אונזער געוויינטלאַכע דערפאַרונג איז ניט שטאַרק מסכים מיט דער טעאָריע אז צו ארבעטער קינדער קען זיך גיכער צוקלעפּן דער סאָציאַליזם ווי צו אנדערע. ווען איך קוק זיך ארום אין דער אידישער סביבה זע איך כמעט ניט קיין סאָ־ציאַליסט וואָס זאָל זיין אַן ארבעטער־קינד; איך זע עס ניט אפילו צווישן די וואָס האָבן אויסגעטראַכט דעם פּסיכאָלאָגישן מיטאָס פון אַן „ארבעטער־קינד״. און ווען אונזערע שול־סאָציאַליסטישע לערער וואָלטן זיך ניט באַנוגנט מיט לאָזונגען וואָס לייגן בלויז ארויף דעם חוב פון ר ע ד ן וואָלטן זיי דאָ געהאַט אַ פיינע מעג־לאַכקייט עפּעס צו טאָן און צו דערווייזן. דערווייל האָבן מיר נאָך ניט געהערט אַפילו פון אַן אויבערפלעכלאַכן איינדרוק אַז אין שמועסן וועגן סאָציאַליזם זאָל אַ לערער האָבן ספּעציעלע שווע־ריקייטן מיט קינדער וואָס זייערע עלטערן זענען ניט קיין אר־בעטער. איך ווייס, למשל, אַז אין דער „קינדערלאַנד״ קאָלאָניע — וואו אַלץ איז ארומגערינגלט מיט סאָציאַליסטישע רייד — פירט מען דורך אַ גרויסע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונג „ניי־לאַנד״. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אין „קינדערלאַנד״, פּונקט ווי אין אַלע איבעריקע קאָלאָניעס, זענען פאַראַן אַ סך קינדער וואָס קומען ניט פון ארבעטער היימען, איך האָב אָבער קיינמאָל ניט געהערט, אַז די ניט־ארבעטער־קינדער זאָלן ווען עס איז האָבן ארויסגעוויזן וויניקער באַגייסטערונג פאַר דער אונטער־נעמונג, ווי די ארבעטער־קינדער.

אין סעזאָן פון 1926 האָט מען, למשל, אין די קאָלאָניעס „בויבעריק״ און „ניי בויבעריק״ געזאַמלט געלט פאַר די קינדער

פון די פּאַסעיקער סטרייקער, און בכלל נערעדט מיט די קינדער וועגן די איצטיקע סאָציאַלע קראַנקהייטן פון וועלכע דער סטרייק איז אַ סימפּטאָם. דאָס איז געטאָן געוואָרן פאַר קינדער, וואָס אַ גרויסע צאָל פון זיי קומען ניט פון ארבעטער עלטערן. מיר איז אָבער ניט באַקאַנט קיין איין איינציקער פאַל ווען בא אזעלכע געלעגנהייטן זאָל זיך האָבן ארויסגעוויזן אַן אונטערשייד בא די קינדער לויט די פּראָפעסיעס, אָדער אפילו שטאַנדפּונקטן, פון זייערע טאַטעס און מאַמעס.

די מעשה מיט'ן „ארבעטער־קינד" מוז בלייבן א הוילע מיטאָ־לאָגיע אזוי לאַנג ווי מען וועט ניט דערווייזן אַז אזא באַגריף איז פּסיכאָלאָגיש בארעכטיקט. און מערקווירדיק, עס איז ניטאָ קיין איין באַגריף וואָס די שול־סאָציאַליסטן האָבן געבראַכט, וואָס זאָל זיך אזוי לייכט לאָזן אויספּרובירן דורך א באוואוסטזיניק גע־פּלאַנטער אונטערזוכונג.

די לאָזונג „דאָס אידישע ארבעטער־קינד פאַר'ן אידישן ארבעטער קלאַס" קען נאָר זיין אַ פּאַרטיי לאָזונג, אָבער ווען שול־פירער ברענגען זי אריין אין דער שול, מוז זי ווערן אַ שטע־רונג סיי פאַר דער טעאָרעטישער סיי פאַר דער פּראַקטישער אנטוויקלונג פון עכטער שול־ארבעט. יאָ, עס זענען פאַראַן אזעל־כע זאַכן ווי „פּאַרטיי" און „פילאָזאָפישער קלוב" צווישן געזעל־שאַפטלאַכע אינסטיטוציעס. דער פּאַרטיי־גייסט פאַרקריפּלט דעם געדאַנק ווען ער כאַפּט זיך אריין אין „פילאָזאָפישן קלוב" (ד. ה. אין דער שול), פּונקט ווי דער פילאָזאָפישער גייסט פּאַראַליזירט די טעטיגקייט ווען ער כאַפּט זיך אריין אין דער פּאַרטיי.

## .8

## די שול ווי א „קענגגיפט".

בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט וועט אונז אויך קלאָר ווערן נאָך אַ טעאָריע וואָס די שול־סאָציאַליסטן האָבן פאַרשפּרייט, דאָס איז די טעאָריע וואָס בויט דעם בנין פון אונזער שול ווי א קעגן־גיפט אנטקעגן געוויסע איינפלוסן וואָס פאַר'סמ'ען די נשמות

פון די קינדער. און אַ קעגן־גיפט איז אונזער שול דערמיט וואָס זי גיט פונקט אַ פאַרקערטע באַלייכטונג פון געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען ווי יענע איינפלוסן זוכן צו געבן.

מיר געפעלט גראָד וואָס מען באַנוצט זיך מיט אַזאַ טערמין ווי „קעגן־גיפט". כאָטש עס איז פאַראַן אַ שטיקל געפאַר צו בויען אַ שול אויף אַ נעגאַטיוון פונדאַמענט, אויף אַ „קעגן". אָבער ווען מען פאַרשטייט דער טערמין ריכטיק, לויט'ן טייטש וואָס ער האָט דאָרט פון וואַנען ער קומט, וואָלט מען אפשר געקענט זאָגן, אַז די גאַנצע דערציאונג פון קינדער איז, אין אירע בעסטע מאָ־מענטן אַ קעגנגיפט אַנטקעגן פאַרשידענע טויטנדיקע איינפלוסן וואָס רייסן זיך אַריין אין דער קינדערשער פּסיכיק פון אַלע זייטן, פון גאַס, שלעכטע חברים, שלעכטער היים, א. א. וו. גוטע שולן זענען ממילא אַ קעגנגיפט, און עס פאַלט בלויז אַ חשד ווען מען מאַכט דערפון אַ ספּעציעלן פּרינציפּ.

דאָס וואָרט „קעגנגיפט" שטאַמט פון אַ פיזיאָלאָגישן קוואַל, און ס'איז גלייכער, ווען מען וויל ברענגען ביישפּילן, אָנצוקומען צו פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, איידער צו דער ניט־לעבעדיקער נאַטור. נאָך אַלעמען האָט דאָך קינדער־פּסיכאָלאָגיע, ווי פּסיכאָלאָגיע בכלל, אַ פיל נעענטערע שייכות צו די פיזיאָלאָגישע פונקציעס פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם איידער צו פיזיק, כעמיע און ענלאַכע וויסנשאַפטן.

איז ווי געזאָגט, דער פאַרגלייך צווישן פּסיכישע קעגן־איינ־פלוסן מיט אַ קעגנגיפט אַ גאַנץ געלונגענער. אָבער מען דאַרף זען, אַז דער פאַרגלייך זאָל ניט האָבן צו טאָן בלויז מיט ווערטער, נאָר מיט באַגריפן, ניט מיט צוויי קלאַנגען, נאָר מיט צוויי פּראָ־צעסן. איצט לאָמיר זען: וואָס איז דאָס אַזוינס אַ קעגנגיפט אין פיזיאָלאָגיע?

דאָס לעבן פון'ם אָרגאַניזם ווערט אָנגעפירט אַזוי אַז אונטער געוויסע אומשטענדן פאַרמערן זיך דאָרט פּאַטאָגענישע (קראַנק־הייט־פאַראורזאַכנדיקע) באַקטעריעס, אָדער ס'ווערן טיילמאָל אַריינגעבראַכט געוויסע גיפטן פון דרויסן, ווי למשל, דורך עסן פוילע שפּייז, א. ד. ג. וואָלטן מיר געלאָזן, אַז אָט די גיפטן זאָלן

אזוי אָנגיין מיט זייער פארדארבנדיקער ארבעט אומגעשטערט, וואָלטן זיי נאַטירלאַך געבראַכט דעם אָרגאַניזם צו די גרעסטע געפארן, האָבן מיר דאַך אָבער אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט, מאַכט ער אזוי, אַז ערשטנס, שאַפן זיך קעגנגיפטן אינ'ם אָרגאַניזם גופא וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן די גיפטיקע געפארן, און צווייטנס, קען מען אויך אריינברענגען קעגנגיפטן פון דרויסן, ווי למשל, דורך איינשפריצונגען אנטקעגן פּאָקן און דיפטעריע, וואָס שוואַכן אָפּ אָדער טויטן די גיפטן וואָס זענען שוין פון פריער פאראן אינווייניק. מיט אַנדערע ווערטער, הייס עס, אַז די קעגנגיפטן נייטראַליזירן די גיפטן. און דאָס איז ווידער ווי אָנגעמאָסטן אויף דער פאָרמולע פון די שול-סאָציאַליסטן. אויך זיי ריידן פון נייטראַליזירן ד. ה. די אידישע שול דאַרף, מיט אירע סאָציאַליסטישע באַלייכטונגען איבער סאָציאַלע דערשיינונגען, *נייטראַליזירן* די גיפטיקע באַלייכטונגען וועלכע עס גיט די פּאָבליק סקול*).

וואָלט אַלץ געווען גוט ווען ניט דאָס וואָרט „נייטראַליזירן", וואָס איז גאָר ניט אזוי קלאָר ווי עס ווייזט זיך אויס, אָבער לאָמיר צום ערשט זען וואָס עס קומט פאָר אינ'ם אָרגאַניזם ווען דער קעגנגיפט נייטראַליזירט דעם גיפט. דער קעגנגיפט שטופּט ניט אַוועק דעם גיפט און פארנעמט ניט זיין פּלאַץ. ווען דאָס וואָלט געווען אזוי, וואָלט געווען אַז אָך און ווי צום אָרגאַניזם, ווייל דער גיפט וואָלט פארטריבן געוואָרן פון איין פּלאַץ און זיך פארקליבן אין אַן אַנדערן, און דאָרטן אָנגעטאָן די זעלביקע צרות. דער קעגנגיפט שטופּט ניט און טרייבט ניט, אדרבא, ער „פארבעט" צו זיך דעם גיפט, אזוי צו זאָגן, און קאָמבינירט זיך מיט אים בעמיש. דער גאַנצער כוח פונ'ם קעגנגיפט באַשטייט טאַקע

---

*) איך וויל דאָ ניט באַרירן די פראַגע וועגן דעם געדאַנק וואָס שטעלט דוקא אַוועק די פּאָבליק סקול ווי אַ גיפט, און דערצו נאָך אָן שום קוואַליפיקאַציעס. אַזאַ בליק איז אויבנזייטיק, אומגערעכט און שעדלאַך. וועגן דער פּאָבליק סקול וואָלט מען געדאַרפט רעדן מיט מער ישוב הדעת און וויכטיקער צעקאָכטקייט ווי דאָס טוען כמעט אַלע שול-סאָציאַליסטן.

אין דעם וואָס ער איז ניט קיין היפּוך, קיין פאַרקערטע ריכטונג, נאָר אַ צוציאונג פאַר׳ן גיפט. ער פאַרבינדט זיך מיט אים און פון דער כעמישער פאַרבינדונג ווערט באַשאַפן אַ נייער שטאָף וואָס איז מער ניט שעדלאַך פאַר׳ן אָרגאַניזם. די אומשעדלאַכ־קייט פונ׳ם גיפט, לאָמיר זשע ניט פאַרגעסן, שטאַמט ניט פון דעם וואָס ער ווערט „פאַרטריבן", נאָר פאַרקערט, אין דעם וואָס ער באַטייליקט זיך אין דעם נייעם גיפט־קעגנגיפט שטאָף און ווערט דאָרטן אויפגעלייזט. דאָס איז דער פּראָצעס פון כעמישער נייטראַליזאַציע.

עס איז פאַראַן אויך אַ פיזישע נייטראַליטעט. אויב, לאָמיר זאָגן, טאַטע־מאַמע קריגן זיך צוליב זייער זון, און דער טאַטע רייסט אים (פיזיש) רעכטס, און די מאַמע — לינקס, און ביידע ווענדן אָן דעם זעלביקן כוח, דעמאָלט בלייבט דער זון „נייטראַל", ער גייט ניט לינקס און ניט רעכטס, ער בלייבט נעבאַך אין מיטן, אָבער קיין געזונט קומט אים זיכער ניט צו פון אָט דער רייסעניש. יעדנפאַלס קען די פיזישע נייטראַליטעט זיכער ניט זיין קיין פאַרגלייך פאַר דער „נייטראַליזירונג" וואָס די „סאָציאַליסטישע באַלייכטונג" וויל אַרויסברענגען. די דאָזיקע באַלייכטונג וויל דאָך זיכער ניט, אַז דאָס קינד זאָל בלייבן אין מיטן. בלייבן מיר, הייסט עס, בא דער נייטראַליזאַציע אינ׳ם אָנגעוויזענעם כעמישן זינען. און איך מוז ווידער מודה זיין, אַז דער פאַרגלייך מיט די פּראָצעסן פון גיפטן און קעגנגיפטן איז זייער אַ גוטער, ווייל עפּעס זייער ענלאַכס קומט פאָר אין פסיכישן לעבן פון מענטשן, און דאָס איז דער איינציקער אופן אויף וועלכן אַ שול קאָן האָפן צו באאיינפלוסן קינדער אידייאיש אַנטקעגן די שעדלאַכע וויר־קונגען וואָס רייסן זיך אריין פון אַלע זייטן. אָבער ווי אזוי קען מען אָט די נייטראַליזאַציע דורכפירן אין דער פּראַקטיק? דאַרויף האָבן מיר אַן ענטפער אין אַ בראָשורקע וואָס דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָמיטעט פון ארבעטער רינג האָט ארויסגעגעבן מיט עטלאַכע יאָר צוריק, און רופט זיך „די ארבעטער רינג שול". דער שרייבער וויל דאָרט אָנווייזן אויף די חסרונות פון דער אמאָליקער „סאָנדעי סקול", וועלכע האָט זיך זייער פיל געשטיצט אויף

פּראָפּאַגאַנדע. אָבער „פּראָפּאַגאַנדע מוז בא קינדער אין בעסטן פאַל אין איין אויער אריין און פון צווייטן אויער ארויס, אָדער, אין ערגסטן פאַל, אנטוויקלען בא די קינדער אויבערפלעכלאכע און איבערגעטריבענע איינזייטיקע פאָרשטעלונגען אנשטאָט טיף־איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן. קינדער וואָס גייען אדורך אזא סאָרט דערציאונג, וועלן אָדער בלייבן שמאָלקעפּיקע פאַנאַטיקער פון דער אידייע וואָס דער אָדער יענער לערער האָט זיי אריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, אָדער זיי וועלן גאַנץ לייכט פארגעסן וואָס מען האָט פאר זיי אין משך פון א שעה א וואָך קינסטלאך אריינגעגאָסן, ווי ווען מען וואָלט זיי די דאָזיקע תורה איגנאַנצן ניט געלערנט" (זייט 7).

גאָלדענע ווערטער! דער פארגלייך צווישן „איינזייטיקע פאָרשטעלונגען" און „טיף־איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן", די מורא פאר „שמאָלקעפּיקע פאַנאַטיקער פון דער אידייע, וואָס דער אָדער יענער לערער האָט זיי אריינגעקלאַפּט אין קאָפּ", לאַנג לעבן זאָלן אזעלכע געדאַנקען. וואָס זשע דארף מען טאָן כדי ניט אריינצופאַלן אין דער דאָזיקער קלעפּיקער נעץ? דערויף ענטפערט דער שרייבער, אז „די ארבעטער רינג שול באַנוצט אַן אַנדער מיטל צו דערציען די קינדער אין דעם סאָציאַליסטישן גייסט. זי שטעלט דאָס קינד צוזאַמען מיט אנדערע קינדער אין אזא לאַגע, אז זיי זאָלן צוגעוואוינען זיך צו לעבן צווישן זיך חבר'יש און מענטשלאך, ווי מען באדארף לעבן אין א בעסערער געזעלשאַפט, געבויט ניט אויף עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג; און זיי זאָלן זייערע סכסוכים אויסגלייכן אויף א יושר'דיקן, פריינטלאכן אופן". (דאָרט 7).

איך מוז זאָגן דעם אמת, אז אויב איך האָב אזעלכע ווערטער קיינמאָל ניט געזאָגט, וואָלט עס מיך שטאַרק פארדראָסן וואָס איך האָב פארזאַמט די געלעגנהייט. אפילו א בלינדער קען דאָך איינזען אז פּראָפּאַגאַנדע איז א נישטיקע אידייע (אין בעסטן פאַל) אין פארגלייך מיט אזא שיינער און ברייטער פאָרמולע פון דערציאונג. און אויב א קינד קומט אין אזא שול מיט שלעכטע איינפלוסן פון פרעמדע שמאָלקעפּיקע געדאַנקען, ווערן זיי דאָך

אזוי שנעל אויפגעלייזט, נייטראַליזירט, אין אזאַ סביבה. דאָס איז דאָך אַ סביבה וואָס גיט די איינציקע מעגלאַכקייט צוזאַמען מיט׳ן קינד ארויסצולעבן פון לעבן גופא די העכסטע מענטשלאַכע אידעאַלן.

וואָלט דאָך שוין אַלץ געווען גוט, קומט אָבער באַלד אַ געדאַנק וואָס קערט איבער דעם גאַנצן פולן עמער מיט מילך. ווארים איך בין אין מיין ציטאַטע געבליבן שטיין אין דער מיט; ווען מיר גייען אביסל ווייטער געפינען מיר שוין, אַז די ארבעטער רינג שול „געוואוינט צו די קינדער, באַזונדערס די עלטערע — פון 11 יאָר און העכער — צו אינטערעסירן זיך מיט פראַגן און דערשיינונגען פון ארבעטער לעבן, וואָס זענען פאַר זיי נאָר צוגענגלאַך, און לאָזט זיי די פראַגן און דערשיינונגען באַטראַכטן און דיסקוטירן צווישן זיך אונטער דער אויפזיכט פון די לערער. און דער לערער זעט שוין, אַז די פראַגן זאָלן באַלויכטן ווערן פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפונקט". (דאָרט, 8,7).

פארשטייט זיך, אַז „דער לערער זעט שוין". פונקט דאָס זעלביקע האָט ער געטאָן אין דער סאַנדעי סקול. דער חילוק איז נאָר וואָס ווען מען האָט פיינט וואָס „דער לערער זעט שוין", רופט מען עס פראָפּאַגאַנדע און אגיטאַציע, און ווען מען האָט עס ליב, רופט מען עס דערציאונג. ווייטער איז אַלץ דאָס זעלביקע, אַ האָר ניט געמינערט.

הייסט עס, אַז כדי צו נייטראַליזירן דער פּאָבליק סקול׳ס קאַפּיטאַליסטישע „איינזייטיקע פאָרשטעלונג", דאַרף אין דער אידישער שול דער לערער „שוין זען", אַז די קינדער זאָלן באַקומען אַ סאָציאַליסטישע „איינזייטיקע פאָרשטעלונג". איןביידע פאַלן געווינט די „איינזייטיקע פאָרשטעלונג אנשטאָט טיף איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן". ווארים אויב ניט דאָס, פארוואָס זאָל מען מורא האָבן איבערצולאָזן די גאַנצע זאַך צו דעם וואָס די שול „שטעלט דאָס קינד צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער אין אַזאַ לאַגע" א. א. וו. עס איז קלאָר אַז „טיף־איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן" קענען נאָר קומען פון „אַזאַ לאַגע", אָבער ניט פון דעם וואָס „דער לערער זעט שוין". און ווי אזוי געוואוינט מען

דאָס די קינדער צו אינטערעסירן זיך מיט פראַגן און דערשיי־נונגען פון ארבעטער לעבן ווען דאָס איז ניט קיין אינוויייניקסטע טייל פון דער לאַגע אין וועלכער מען שטעלט זיי אריין? דאָ מוז מען זיך ווידער פארלאָזן אויף דעם וואָס „דער לערער זעט שוין". היינט אויב מען פארלאָזט זיך אזוי פיל — בנוגע דעם סאָציאַליזם פאר די קינדער — אויף דעם וואָס „דער לערער זעט שוין", צו וואָס זשע די גאנצע טרחא מיט דער „לאַגע"? און פארוואָס אָנפאלן אויף דער „סאָנדעי סקול", וואָס האָט זיך אויך פונקט אזוי פיל פארלאָזן אויף דעם וואָס „דער לערער זעט שוין"?

איך וויל דורכאויס אונטערשטרייכן אז איך וואָלט עס גע־האלטן פאר חוזק מאכן פון א געזונטן פרינציפּ ווען מען זאָל וועלן צוריקהאלטן דעם לערער פון אויסדריקן צווישן קינדער זיינע מיינונגען איבער אַלע פראגן וואָס אינטערעסירן זיי, אָדער וואָס קענען זיי, לויט זיין אָפּשאַצונג, אינטערעסירן. עס וואָלט געוועזן לעכערלאך צו זאָגן א לערער טאָר ניט צווישן קינדער רעדן וועגן אזא זאך ווי, למשל, וועגן דער עוואָלוציע טעאָריע ביז ער וועט געניי אָפּוועגן און אָפּמעסטן די קינדערס פייאיקייט צו באגרייפן דעם חלוק צווישן „ספּעציעלער באשאַפונג" און עוואָ־לוציע. דאָס וואָלט דעם לערער אַוועקגעשטעלט איז א געקינצל־טער, אומנאַטירלאכער לאַגע, אז ער וואָלט זיך אין איר ניט געקענט פריי באוועגן. א לערער מוז — ווילנדיק ניט ווילנדיק — האָבן אזעלכע מיינונגען און געדאנקען וואָס זענען צו ווייט, אָדער צו פרעמד, פון קינדער. דאָס איז ממילא געדרונגען פונ'ם פאקט וואָס א דערוואקסענער איז דער דערציער פון קינדער. דערין איז קיין בייז ניטאָ. ער דאַרף בלויז שאפן בא זיי די טיפע גע־וואוינהייט ניט צו פארגעטערן זיין אויטאָריטעט אין אזעלכע ענינים, ניט צו פילן אז עס זענען פאראן מענטשן וואָס זייערע מיינונגען זענען ענדגילטיק; אז א פערזענלאכע באקאנטשאַפט מיט די פאקטן — וואָס בלויז אויף זיי קענען זיך שטיצן מיי־נונגען — קומט פריער און איז פיל וויכטיקער ווי די מיינונג צו וועלכער זיי פירן.

אָט די אַטמאָספערע ארום דער ארויסגעזאָגטער מיינונג איז דער איינציק־דערציערישער מאָמענט אין שייכות צו מיינונגען. דאָ קען מען קלאָר ארויסזען די נפקא מינה צווישן „אומפּאַרטיי־אישער נייטראַליטעט" — וואָס מען שרייבט צו צו אַ פּרינציפּ ווען מען וויל אים מאַכן לעכערלאַך — און דעם אמת'ן ריין־דערציערישן פּרינציפּ. *בלויז ווען דער לערער וועט איינזען אז ניט די לאָגישע קאָנסטרוקציע פון מיינונגען, נאָר די אַטמאָספערע — דער גייסט פון גרייטקייט צו אנטוויקלען מיינונגען דורך אייגענער מי — איז דאָס וויכטיקסטע, וועט ער שוין דעמאָלט ניט מיינען אז ער ראַטעוועט די וועלט דורך זיינע באַלייכטונגען, און ער וועט זוכן קודם כל צו שאַפן די ריכטיקע אַטמאָספערע, כאָטש ער דאַרף זיך ניט תמיד אָפּהאַלטן פון זאָגן זיין מיינונג.*

וואָרים אויב מען פאַרלאָזט זיך אויף דעם לערער מיט זיינע באַלייכטונגען, איז שוין טאַקע דער ענין ניט אַזוי פויגלדיק. דער שרייבער פון דער דערמאָנטער בראָשור איז זיכער ניט ווינציקער אינטעלעגענט ווי דער לערער, און אָט וואָס ער זאָגט אויף אַן אנדער פּלאַץ. די אידישע שול „דאַרף זיי (די קינדער) באַקאַנט מאַכן מיט דער אידישער געשיכטע כדי צו געבן די קינדער אַ ריכטיקן באַגריף ווי אַזוי דאָס איצטיקע אידישע אַרבעטער־פאָלק איז אנטשטאַנען" (דאָרט,3) מער איז ניט נויטיק און ניט מעגלאַך צו לייענען. אַזאַ פּאַרטייאישע „איינזייטיקע פאַרשטעלונג" וועגן דעם צוועק פון געשיכטע פאַר *קינדער* גרענעצט זיך מיט פּשוט'ער העסלאַכקייט, אויב מען זאָל זיך פאַרלאָזן וואָס אַזאַ לערער „זעט שוין", וועט אויסקומען אַז די גאַנצע פאַרגאַנגענע מענטשלאַכע געשיכטע האָט ניט קיין איין דערהויבענעם מאָמענט אין זיך. וויכטיק איז זי נאָר — און

וויכטיק פאַר אַ ק י נ ד — אויף וויפיל די אַנטשטייאונג פון די
אַ י צ ט י ק ע  אַרבעטער און זייער קאַמף ווערט דערקלערט.

מען דאַרף אויך האָבן גנויאַלע פּייאיקייטן צו זיין אײנזיי־
טיק ווען מען זאָגט אַז „די פּאָבליק סקול גיט זיך כמעט אינגאַנצן
ניט אָפּ מיט דער עסטעטישער אַנטוויקלונג פון די קינדער, ווייל
אַן אַרבעטער, וואָס איז אַנטוויקלט עסטעטיש, וואָלט געהאַט
גרעסערע באַדערפענישן און וואָלט געשטעלט פיל גרעסערע פאָ־
דערונגען, אַ זאַך וואָס איז פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פאַרזאָרגער
פון די סקולס גאָרניט ווינשענסווערט". (דאָרט, 4), מיר וואָלט
זיך זייער ניט געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אַ פּאַרטיידיקער פון
די פּאָבליק סקולס, כאָטש די באַריכטן פונ'ם „אינסטיטוט פאַר
פּאָבליק סוירוויים" ווייזן אָן אַ געוואַלטיקן פּראָגרעס אין די פּאָב־
ליק סקולס אין דעם פּרט. דאָרט זענען פאַראַן קלאָרע ציפערן
און פאַקטן, ניט קיין בויך־סבֿרות, פון אַ סך, אַ סך טויזנטער
שולן וואָס נעמען אַריין מיליאָנען קינדער, און וואו מען גיט זיך
זייער שטאַרק אָפּ מיט עסטעטישע ענינים, אָבער דאָס איז ניט
וויכטיק. וויכטיק איז די סיבה דערפון, „ווייל אַן אַרבעטער וואָס
איז אַנטוויקלט עסטעטיש"... א. א. וו. אַזאַ השערה דאַרף ממש
אויפקאָכן דאָס בלוט פון יעדן ערלאַכן מענטשן וואָס האָט דעם
מינדסטן באַגריף וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער שול־פּראָגראַם
פון דער איצטיקער אָנפאַנג־שול. מיר זענען געוואוינט בײַ וואַל־
קאָמפּאַניעס צו זען ווי מען וואַרפט אונטער דעם קעגנערישן קאַנ־
דידאַט אַפילו אַ ממזר, און עס איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן
קיין צענטראַל קאָמיטעט וואָס זאָל דאַרויף קיין הכשר ניט געבן,
אָבער מיר האַלטן דאָך בײַ שולן, ניט בײַ וואַל־קאָמפּאַניעס. ווי
קען מען זיך פאַרגינען צו רעדן אַזעלכע קינדערייען? עס דער־
מאָנט מיך אָן דער אַמאָליקער אַרגומענטאַציע אַנטקעגן דעם
ציוניזם און דעם טעריטאָריאַליזם. געווען בונדיסטן וואָס האָבן
באַשולדיקט הערצלען און דערנאָך זאַנגווילן, אַז זיי ווילן בלויז
אָוועקשלעפּן דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ פּרעמד לאַנד,
כדי אים דאָרט צו עקספּלואַטירן. אין ענלאַכע לאָגיק שטעקט אין
דער אָנגעוויזענער דערקלערונג פאַרוואָס די פּראָגראַם פון די

פּאָבליק סקולס איז פול מיט פּאַרמאַלע לימודים און שענקט ווינציק אויפמערקזאַמקייט די עסטעטישע ענינים.

און בלויז מיט די „איינזייטיקע פּאָרשטעלונגען” וואָס שטאַמען פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע קען מען דערקלערן די שרייענדיקע אומגערעכטיקייט וואָס געפינט זיך אינ׳ם ביכל פון וועלכן איך ציטיר איצט (ז. 3) : „די באוואוסטזיניקע אידישע אַרבעטער האָבן פאַרשטאַנען פון וואַנען ס׳נעמט זיך דער ברוך צווישן די קינדער און זיי אליין... און אין דער פּראָן פון אַרבעטער רינג האָבן זיי באַשלאָסן צו שאַפן אַ שול”... א, א. וו. די אַמאָליקע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול ווערט אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן פון דער געשיכטע, אַזוי ווי זי וואָלט קיינמאָל ניט עקזיסטירט. יאָ, עס איז זיכער מעגלאַך, אַז „קינדער וואָס גייען דורך אַזאַ סאָרט דערציאונג וועלן בלייבן שמאָלקעפּיקע פאַנאַטיקער פון דער אידייע וואָס דער אָדער יענער לערער האָט זיי אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ”. מען דאַרף האָבן מוט — און ניט פון בעסטן סאָרט — אָנצופאַלן אויף די „סאָנדעי סקולס” ווען מען ווערט אליין געפירט צו אַזעלכע שרעקלאַכע איינזייטיקייטן אין נאָמען פון „סאָציאַליסטישער באַלייכטונג”.

אַזוי זעען מיר ווי גוט אונזערע שול־סאָציאַליסטן האָבן אָנגעהויבן און ווי שלעכט זיי האָבן פאַרענדיקט מיט זייער „קענגגיפט”. די אידישע שול פאַרנעמט זיך ניט מיט אַ ברייטער אַלגעמיינער טעטיקייט וואָס נעמט אַריין אין זיך דעם גיפטיקן איינפלוס, צעקאָכט אים, קאָמבינירט זיך מיט אים און ברענגט אַרויס אַ העכערן פּראָדוקט. ניין, דאָס איז בלויז אַ מין שטופּשטויס פּראָצעס. די פּאָבליק סקול שטעלט אַוועק דעם סטרייק ווי אַ פאַרברעכן, ווילן מיר אָפּשטויסן די דאָזיקע אידייע דערמיט וואָס מיר וועלן „באַלייכטן” דעם סטרייק ווי אַ גוטע זאַך, און פאַרטיק. ווי זשע קען מען זיין זיכער וועלכע אידייע עס וועט בלייבן באַם קינד?

עס זענען פאַראַן גענוג פאַקטן פון קינדער וואָס אַנטוויקלען באַ זיך אַ מין „טאָפּלטע פערזענלאַכקייטן” ; זיי זענען פּראָגרעסיוו

אין שול און רעאקציאָנער אין סקול. איןביידע פאַלן זוכן זיי צו באַפרידיקן די געהעריקע אויטאָריטעטן כדי צו פאַרנעמען אַ פּאָסיקע פּאָזיציע אין דער געגעבענער סביבה. וואָרים אין ביידע פאַלן האָבן זיי באַקומען די באַלייכטונג — ד. ה. אַ לעצטן טעאָרעטישן סך הכל — נאָך איידער זיי זיינען דורכגעגאַנגען דעם פּראָצעס וואָס פירט צו אים. עס איז דאָך קלאָר אַז איבער־ציינונגען, און ספּעציעל סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען, קענען האָבן אַ האַפט בלויז דעמאָלט ווען זיי שטיצן זיך אויף אַ דורכ־געטראַכטן און דורכגעלעבטן אַנאַליז פון גרויסע, קאָמפּליצירטע סאָציאַלע דערשיינונגען. ווען אַ לערער וואַרפט זיך אַרויף אויף קינדער, זאָל זיין עלף־יעריקע קינדער, מיט זיינע „באַלייכטונגען", קען ער, אין בעסטן פאַל, דערגרייכן דאָס אַז זיי זאָלן ווערן בלינדע פּאַטריאָטן, „שמאָלקעפּיקע פאַנאַטיקער פון דער אידייע". עס קאָן דאָך קיינעם ניט איינפאַלן, אַז אַזעלכע קינדער זאָלן האָבן די מינדסטע מעגלאַכקייט איבערצולעבן די געדאַנקען וואָס פירן צו אַזאַ ווייט־גרייכנדיקער, אינטעלעקטועלער מדרגה ווי אַ סאָ־ציאַליסטישע איבערצייגונג.

זיכער דאַרף אַ שול, און ספּעציעל די אידישע שול, זיין אַ קעגנגיפט אַנטקעגן אַ סך, אַ סך שלעכטע איינ־פלוסן, אָבער דאָס קען נאָר געשען דעמאָלט ווען זי וועט זיך וואָס ווינציקער זאָרגן וועגן דעם לעצטן סך הכל, און תמיד אונטערשטרייכן די נייטיקייט פון דורכגיין דעם פּראָצעס. די קינדהייט איז אַ צייט פון וואַקסן, ניט פון אַרויסגעבן רייפע פּרוכט. און ווען מיר זעען אַז אַ קינדס פאַרמעגן איז פול מיט גרויסע פאַרטיקע מטבעות קענען מיר זיכער זיין, אַז דאָס איז פאַלש געלט וואָס עמיצער האָט אַהין אַריינגעשטופּט; דאָס איז ניט קיין עכטע עשירות וואָס קען בלויז דערגרייכט ווערן דורך אייגענער מי און אַרבעט. זאָל דער פּראָצעס זיין וואָס גרינטלאַ־כער, וואָס דעטאַלער, וואָס ערלאַכער, וואָס אביעקטיווער, זאָל ער אַריינעמען אַלע אמת'ע און נייטיקע אינפאָרמאַציעס פון די גיפטיקע איינפלוסן, זאָל ער זיי אַנערקענען, און זאָלן זיי גופא ווערן אַ טייל פונ'ם פּראָצעס פון מאָראַלן און אינטעלעקטועלן

וואוקס — אַט פּונקט ווי עס קומט פאָר אין דער פיזאָלאָגישער וועלט — און ער וועט ממילא ווערן דער קרעפטיקסטער קעגנ־גיפט וואָס מיר קענען זיך פאָרשטעלן. בלויז דעמאָלט וועט ער קענען ניט בלויז פּארטרייבן די שעדלאַכע אידייע אויף אן אנדער פּלאַץ („טאָפּלטע פּערזענלאַכקייט”) נאָר זי נייטראַליזירן, אויף אן אמת נייטראַליזירן.

די טיף־איינגעווארצלטע געוואוינהייטן וואָס שטאַמען פון א צוזאַמענלעבן געבויט אויף גערעכטע יסודות, דאָס איז דאָס סאַמע שענסטע און וויכטיקסטע וואָס מיר דארפן פארלאַנגען פונ׳ם לערער און פון דער קינדהייט. איבערצייגונגען זענען אין די קינדערס מיילער בלויז בינטלאַך רייד, פּוסטע רעקלאַמעס, פון וועלכע קורצזיכטיקע דערוואַקסענע האָבן שטאַרק הנאה. זיי פארגעסן זיך אז די קינדער וואָס בראָקן מיט צופיל חכמות וועלן זיי זענען קליין גיבן נאָך דערמיט ניט אפילו די שוואכסטע גאַראַנטיע אז זיי וועלן אויסוואַקסן חכמים. לאָמיר תמיד האָבן אין זינען אז קינדער זענען ניט קיין דערוואַקסענע אין קליינעם פאָרמאַט, נאָר קינדער. אונזער שול דאַרף זיך מיט אַלע כחות איינשטעלן פאַר די קינדערס רעכט צו זיין קינדער. דאָס וועט זיין דער שאַרפסטער קעגנגיפט, דער זיכערסטער קאַמף אַנטקעגן אַלע גיפ־טיקע איינפלוסן. אונזער גאַנצער נצחון אינ׳ם קאַמף איז אָפּ־הענגיק אין אונזער מעגלאַכקייט צו רעאַליזירן די קינדהייט באַ די קינדער.

דוקא אין דעם פּרט זינדיקט די פּאָבליק סקול א היפּש ביסל. און מיר וועלן ניט שאפן קיין קעגנגיפט נאָר א גיפט אויב מיר וועלן טאָן דאָס זעלביקע נאָר אויף דער לינקער זייט. יעדער איינער וואָס איז באַקאַנט מיט קינדער וויים, אז א ליכטיקע אַטמאָספערע פון פרייד, חבר׳שאַפט און גערעכטיקייט ווירקט אויף זיי מיט לעגענדאַרן כשוף, בעת „באַלייכטונגען” פאַלן ווי שווערע גע־וויכטן אויף די קליינע קעפּלאַך, אָדער זיי טרעפן בכלל ניט אין ציל. און דער עיקר, לאָמיר קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון זינען אז אן איינזייטיקער סאָציאַליסטישער פאַנאַטיזם, ווי מען זעט

דאָס אין טייל שטעלן פון דער ציטירטער בראָשור*), איז אויף קיין איין האָר ניט קיין קלענערע געפאַר פאַר אונזערע קינדער ווי אַן איינזייטיקער רעאַקציאָנערער פאַנאַטיזם.

.9

# סך הכל.

איך האָב זיך אַזוי פיל אָפּגעשטעלט אויף די אַרגומענטען פון די וואָס פאָדערן בא אונז „סאָציאַליסטישע שולן", ווייל זייער פאָדערונג האָט זיך רעדוצירט צו אַן אַלטפרענקישן פּרינציפּ וואָס אויף אים איז געבויט די אַלטע שול מיט וועלכע מיר זענען קיינער ניט צופרידן. גרויסע און ווייט־גרייכנדיקע שול־רעפאָרמען האָבן זיך תמיד געשטיצט אויף געזעלשאַפטלאַכע אידעאַלן. די גרעסטע לערער און קעמפער פאַר'ן מענטשלאַכן קינד זענען תמיד סטימו־לירט געוואָרן פון אַן אומצופרידנקייט מיט דער איצטיקער וועלט, און פון אַ אידעאַל צו בויען דאָס גאַנצע לעבן אויף סאָציאַלער גערעכטיקייט. ניט אַלע זענען געווען באַגייסטערט פאַר דיזעלביקע אידעאַלן. ניט אַלע האָבן פאַרגעלייגט די זעלביקע פּלענער, אָדער בכלל געהאַט באַשטימטע פּלענער פאַר'ן סאָציאַלן איבערבוי. אָבער זיי האָבן געפילט די נייטיקייט פון גרויסע ענדערונגען אין וועלכע די דערציאונג פון אַ נייעם דור דאַרף שפּילן אַ גרויסע ראָלע.

אין מאָדערנע צייטן פאַרקערפּערט זיך דער דאָזיקער גייסט אין אַזעלכע פּערזענלאַכקייטן ווי רוסאָ, פעסטאַלאָצי, שפּעטער אין פּערער, דיואַי און אנדערע. פון גרויסע סאָציאַלע באַוועגונגען וואָס האָבן איינגעזען די נייטיקייט פון אַ נייער עקספּערימענטאַלער שול

---

*) למען האמת דאַרף דערמאָנט ווערן אַז אין דער באַקאַנטמאַכונג וועגן די אַרבעטער רינג שולן און זייערע צילן, וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט האָט נאָר וואָס אַרויסגעגעבן, געפינען מיר שוין מער ניט יענעם איינזייטיק־פאַנאַטישן גייסט. אויב דאָס זאָל זיין סימפּטאָמאַטיש, וועט עס הייסן אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַ געזונטן בליק אויף דער גאַנצער שול־אַרבעט.

שטייען אין דער ערשטער ליניע די אַנאַרכיסטן פון פאַרשידענע לענדער. לעצטנס זענען אויך צוגעקומען די סאָציאַליסטן און ספּע־ציעל די רוסישע קאָמוניסטן וועלכע האָבן צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דערציאונג — ארייגעפירט דעם עקספּערימענ־טאַלן פּרינציפּ אין דער גאַנצער עלעמענטאַרער שול־סיסטעם פון אַ לאַנד.

ווען די אידיש־וועלטלאכע נאָכמיטאָג־שול איז געוואָרן מער פּאָפּולער אין אַמעריקע — מיט ארום אַכט־ניין יאָר צוריק — איז פאַר אונז גלייך געשטאַנען די פראגע: וואָס קענען מיר — אין אונזער אָרימקייט און באַגרענעצטקייט — אויפטאָן בנוגע אריינ־ברענגען דעם נייעם דערציערישן גייסט פון דער וועלט אין אונזער שול?

מיר האָבן לכתחילה געוואוסט אַז די וויכטיקסטע טעטיקייטן וואָס שפּילן די הויפּט ראָלע אין דער עקספּערימענטאַלער שול, קען מען בא אונז ניט איינפירן ווי שטאַרק מיר זאָלן עס ניט וועלן. דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעקילט אונזער באַגייסטערונג, ווייל מיר האָבן איינגעזען אַז אין פאַרבינדונג מיט'ן נייעם וואָרט אין דער־ציאונג, קענען מיר זיך שטעלן דריי גרויסע אויפגאַבן, און אויב מיר וועלן זיי דורכפירן ווי געהעריק האָבן מיר אַ געלעגנהייט צו גע־ווינען פאַר זיך דעם גאַנצן יונגן דור פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה.

די נייע שול האָט אריינגעבראַכט אַ נייע באַציאונג צו קינ־דער, אַ טיפערע און מענטשלאכערע אויפפאַסונג פון זייערע גע־פילן, געדאַנקען און מעשים. דאָס דריקט זיך אויס אין טויזנטער קלייניקייטן אין די באַציאונגען צווישן לערער און קינדער, און צווישן די קינדער גופא אין יעדער מאָדערנער שול. דאָס פּירט אויך צו פאַרשידענע פאָרמען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס זענען ממש אַ ברכה אין קאָלעקטיוון לעבן פון קינדער. דאָס איז אַ גרוי־סער און וויכטיקער ענין אין יעדער שול, און די מעגלאכקייטן וואָס אונזער שול האָט אין דעם פּרט זענען שוין אויך זעלטענע אופנים דערוויזן געוואָרן.

די צווייטע אויפגאַבע, וואו מיר קענען זייער אַ סך אויפטאָן, איז אין פּרט פון אויסער־קלאַס טעטיקייט. אין אַמאָליקע שולן פלעגט די פּראָגראַם שפּילן די הויפּט ראָלע, אַלע אַנדערע טעטיקייטן וואָס גייען אין דער שול־פּראָגראַם ניט אַריין (ווי קלובן, באַזוכן אינטערעסאַנטע פּלעצער, פּאַסיקע שפּילערייען, צוגרייטן שמחות א. א. וו.) זענען אין בעסטן פאַל באַטראַכט געוואָרן ווי גוטע צו־פאַלן. היינט איז עס אַנדערש. היינט ווייסן מיר שוין אַז אין אויסער־קלאַס טעטיקייטן ליגן די גרעסטע דערציערישע מעגלאַכ־קייטן.

די דריטע גרויסע — אפשר גרעסטע — אויפגאַבע באַשטייט אין דערציען אַן אינטעליגענטערע עלטערנשאַפט, ד. ה. אינטעליגענט אין שייכות צו שול־פראַגן, און פראַגן פון מאָדערנער דערציאונג בכלל. גוטע לערער וועלן אָפטמאָל פאַרצווייפלט אין זייער אַרבעט צוליב סכסוכים וואָס זיי האָבן מיט עלטערן איבער די עלעמענטאַר־סטע אמת'ן אין דערציאונג און אין מעטאָדיק. פאַר דערציאונג איז דער כאַראַקטעריסטישער וועג דער זייטיקער, דער אומדירעק־טער. אַ גוטער פּלאַן וואָס זאָגט גאָרניט פאַר אַ זייטיקן מענטשן ברענגט אָפט אַרויס די בעסטע ווירקונגען בנוגע וויכטיקע סאָציאַלע געוואוינהייטן. אָבער בלויז אַ געניט אויג קען דאָס איינזען. מענטשן האָבן אָבער ליב אַלץ וואָס איז דירעקט און בולט, ספּעציעל אין ענינים וואָס זענען פרעמד.

עלטערן פאָדערן אָפטמאָל היים־אַרבעט פאַר זייערע קינדער מיט אַ געפיל פון אַבסאָלוטער זיכערקייט אַז דאָס איז דאָס בעסטע מיטל אויף אויסצולערנען די „תורה". דער טעם דערפון איז אַ גאַנץ פּשוט'ער: היים־אַרבעט איז דירעקט, זי וואַרפט זיך אין די אויגן, ממילא איז זי גוט. צוזאַמען מיט אַן אינטעליגענטער עלטערנ־שאַפט וואָלטן מיר די פריערדיקע צוויי אויפגאַבן געקענט דורכפירן אויף אַ פיל בעסערן און גרינטלאַכערן אופן, און מיר וואָלטן אויס־געמיטן אַ סך שטערונגען אויפ'ן וועג פאַר דער אידיש־וועלטלאַכער שול. און לאָמיר גוט געדענקען אַז אפילו גרויסע עקספּערימענ־טאַלע שולן ליידן דערפון וואָס זיי זענען טיילמאָל געצוואונגען זיך

צוצופּאַסן צו אומבאַרעכטיקטע פאָדערונגען מצד עלטערן וואָס דער ענין איז זיי אומבאַקאַנט.

ווען מיר ווילן נאָך צו דעם צולייגן אונזערע אויפגאַבן בנוגע אַ פאַרבעסערטער מעטאָדיק, אַנטוויקלען אַ געהעריקע לערערשאַפט, א. ד. ג. זעט מען אַז — אַבי געזונט, קיין אַרבעט פעלט ניט. און וואָלטן מיר כסדר געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן וועג — אויף דעם וועג פון מעגלאַכע דערגרייכונגען אין אונזערע שולן אין הסכם מיט דער נייער אויפפאַסונג פון דערציאונג — וואָלט די קוואַליטעט פון אונזער שול־אַרבעט געשטאַנען אויף אַ פיל העכערן מצב ווי איצט.

ווען מיר אַפּעלירן אָבער אין נאָמען פון דירעקטע באַלייכ־טונגען — נאַציאָנאַליסטישע, סאָציאַליסטישע אָדער וועלכע איר ווילט—באַגעגענען מיר טאַקע ניט קיין שוועריקייטן, אויב אונזערע צוהערער זענען מסכים מיט די אידייען פון דער באַלייכטונג. וואָ־רים, ווי שוין באַמערקט, דירעקטקייט, דאָס וואַרפן זיך אין די אויגן, איז אַ גאַנץ באַליבטע מעטאָדע, אָבער דאָס הייסט סוף כל סוף אָוועקשטעלן שטרויכלונגען אויף אונזער אייגענעם וועג.

די לאָזונג פון „באַלייכטונגען" הייבט זיך געוויינטלאַך אָן דערמיט וואָס זי שטרייכט אונטער מעטאָדן וואָס האָבן זייער אַ קנאַפּן ווערט, און ענדיקט דערמיט. וואָס די מעטאָדן ווערן שעדלאַך. און שעדלאַך ווערן זיי דעמאָלט — ווי עס מוז פּאַסירן — ווען זיי פאַרוואַנדלען זיך אין אַ דערציאונג דורך האַס. בּאַ פלאַמענדיקע פּאַטריאָטן שפּרייט זיך אויס דער האַס צו די מענטשן פון אַנדערע פעלקער, און ביי פּראָפּאַגאַנדיסטישע שול־סאָציאַליסטן שפּרייט זיך אויס דער האַס צו מענטשן פון אַנדערע קלאַסן. איןביידע פאַלן פאַרנעמט דער האַס צו איינצלנע מענטשן דעם פּלאַץ פון פאַרשטיין, פון אַריינטראַכטן זיך אין די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן פון סאָציאַלן לעבן.

וואָרים בלויז אין טעאָריע קען מען זאָגן אַז מען וויל בּאַ די קינדער אַנטוויקלען אַ שנאה, ניט צו קאַפּיטאַליסטן, נאָר צום קאַ־פּיטאַליזם. אויב „באַלייכטונג" איז דאָס מיטל אויף וועלכן מען שטיצט זיך, דעמאָלט איז דידאָזיקע טעאָריע אַ לעבערלאַכע פראַזע.

א שנאה צום קאַפּיטאַליזם וואָס זאָל זיך ניט אויסדריקן אין אַ שנאה צו קאַפּיטאַליסטן, איז בכלל אַ פּסיכאָלאָגיש אוממעגלאכע איבער־לעבונג. ווען מיר האָבן אָבער דערצו נאָך צו טאָן מיט קינדער, דעמאָלט קען מען בלויז איינפלאַנצן אַ שנאה צו מענטשן און דערמיט אָפּטייטן יעדע מעגלאכקייט, יעדן פאַרלאַנג זיך אָנצו־שטרענגען צו פאַרשטיין די פּראָצעסן וואָס פירן צו דער גאַנצער לאַגע.

שנאה, האַס, בכלל דאָס אָנצינדן אַלע קנויטן אין דעם מענטש־לאַכן עמאָציאָנעלן פּולווער־פאַס, איז אַן אויסגעצייכנט מיטל ארויס־צורופן די שטאַרקסטע פאָרמען פון באַוועגונג. אין פּאַרטיי ארבעט, ספּעציעל אין צייטן פון סאָציאַלע קאַטאַסטראָפּעס — ווען עס איז נייטיק עפּעס צו טאָן, אָדער צו באַקעמפן אַ שונא — דעמאָלט איז אַזאַ מין דערציאונג, דערהויפּט פון דערוואַקסענע, די איינציק מעג־לאַכע אויפ׳ן מאָמענט. אָבער אין אַ שול פון קינדער, וואו אַזאַ מין עמאָציאָנעלע אויפטרייסלונג האָט פּשוט ניט אין וואָס זיך אויס־צודריקן, דעמאָלט איז אַ דערציאונג דורך שטאַרקע עמאָציעס אַ מין בלוט־פאַרגיפטונג. און ווען אַ לערער וואָלט געוואַגט צו זיין קאָנ־סעקווענט אין זיין „באַלייכטונג"־טעאָריע (מעג עס זיין נאַציאָנאַ־ליסטישע „באַלייכטונג", אָדער סאָציאַליסטישע, אָדער רעליגיעזע, עס מאַכט ניט אויס) מוז ער דערפירן זיין ארבעט צו אַזאַ צושטאַנד.

די אַמאָליקע סאָנדעי סקולס זענען צו אונז געקומען מיט גאַנץ הויכע אַלעגמיין־דערציערישע פּרינציפּן, ווי איך האָב עס שוין פריער אָנגעוויזן. אויסגעלאָזן האָט זיך עס מיט מגושמ׳דיקער פּראָפּאַגאַנדע וואָס האָט — ווי מיר ווייסן שוין איצט — צו קיין זאַך ניט געפירט. ווען מיר דערמאָנען זיך אָן די אַלע לאָזונגען מיט וועלכע אונזערע שול־סאָציאַליסטן האָבן זיך ארומגערינגלט, זעט מען דעם טעאָרעטישן שאָדן פון דער „באַלייכטונג" טעאָ־ריע אויך אין אונזערע אידיש־וועלטלאַכע שולן. אָבער עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען אַז דער שאָדן איז בלויז אַ טעאָרעטישער.

אונזערע שולן האָבן אין די לעצטע יאָרן אַ סך מער פּראָ־

גרעסירט אין קוואנטיטעט ווי אין קוואליטעט. דאָס איז פאָרגע־קומען ניט בלויז צוליב אונזער אָרימקייט, ווי א סך ריידן זיך איין, נאָר דער עיקר צוליב דעם, וואָס די אמת'ע שול־פּראָבלעמען זענען פארטונקלט געוואָרן פון די זייטיקע פראגן וואָס זענען אהין אריינגעבראכט געוואָרן. די מעגלאַכקייטן וואָס א לערער האָט עפּעס אויפצוטאָן שטאמען ניט בלויז פון זיין בילדונג, אָדער פון זיין באקאנטשאפט מיט דערציערישער טעאָריע און פּראקטיק, ווי וויכטיק דאָס אַלץ זאָל ניט זיין. דאָס גרעסטע פארדינסט ליגט אין דער לאגע אין וועלכער ער ווערט אוועקגעשטעלט, און אין דעם מאָמענט פון זיין ארבעט וואָס מען שטרייכט אונטער. אויב זיין „באליבטונג" פון סאָציאלע דערשיינונגען שפּילט א הויפּט ראָלע, וועט ער זיך וועלן אויסצייכענען אויף אָט דעם פעלד, און שענקען ווינציקער אויפמערקזאמקייט צו אַלע איבעריקע ענינים, און מען מוז דאָך צוגעבן אז עס איז א סך לייכטער צו פארנעמען זיך מיט סאָציאליסטישע באלייכטונגען אין אונזער שול, איידער צו אנט־וויקלען בעסערע מעטאָדן, און זיין דערפינדעריש בנוגע נייע טע־טיקייטן. היינט אויב דאָס ערשטע ווערט כסדר דערמאָנט — און איז די איינציקע בארעכטיקונג פון א באזונדער טיפּ שול — צו וואָס מאכן גרעסערע אָנשטרענגונגען?

די „באליכטונג" טעאָריע איז אויך א סך שולדיק אין דער טרויעריקער שפּאלטונג פון דער שול־סיסטעם פון ארבעטער רינג. אויב עס זענען ערגעץ וואו פאָרגעקומען גרויסע מחלוקת'ן צוליב „באלייכטונג", זענען דאָס געווען דוקא די שולן וואָס שטרייכן אונטער דעם חוב פון „באלייכטונג". וואָרים עס איז דאָך קלאָר אז ווען דעם לערערס מיינונגען טראָגן אזוי פיל געוויכט, דארף מען אויף זיי שטרענג אכטונג געבן. און ווען עס זענען זיך צו־זאמענגעקומען לינקע לערער מיט רעכטע פארוואלטונגען, אָדער פארקערט, האָבן געמוזט פאָרקומען שטענדיקע צאנקערייען, וואָס האָבן געסטראשעט צו פארניכטן די גאנצע שול. און ניט איין שול איז רואינירט געוואָרן צוליב אזעלכע סיבות. אויב באלייכ־טונגען זענען אזוי גוואלדיק וויכטיק, מוז מען זיך דאָך צעטיילן אויף רעכט און לינק, ווייל קיין סתם סאָציאליסטישע באלייכטונ־

גען זענען פּשוט ניטאָ, ווען מיר האָבן אין זינען קאָנקרעטע פּראָב־לעמען פון איצטיקן מאָמענט.

איצט האָבן מיר שוין ב"ה צוויי לערער־פאַרבאַנדן און, ענד־לאַך, צוויי לערער־זשורנאַלן, ווען אין דער אמת'ן איז קוים דאָ פּלאַץ פאַר איין זשורנאַל, און אפילו איין זשורנאַל וואָלט אויך ניט געהאַט צופיל כוחות, אַז ער זאָל באמת קענען עפּעס אויפטאָן.

בנוגע עלטערן און שול־טוער איז דער שאָדן געווען אַ האָר ניט קלענער. מען האָט זיי פּשוט ניט געגעבן קיין מעגלאַכקייט צו זען אין דערציאונג אַ ניי ווינקל אין דער וועלט. וואָרים אויב סאָציאַליסטישע באַלייכטונג איז דער עיקר, קומט אויס, אַז דער חילוק צווישן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער שול באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס מען גייט איבער פון איין מיטינג צו אַ צווייטן. די שפּראַך בלייבט דיזעלביקע, די פאָדערונגען זענען דיזעלביקע, די גאַנצע אָריענטאַציע בלייבט פונקט ווי געווען. לאָמיר ניט פאַר־געסן, אַז זינט דעם אָנהויב פון דער שול־באַוועגונג, איז קיין שום ליטעראַטור וועגן דערציאונג ניט געשאַפן געוואָרן, ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר האָבן שוין איצט טויזנטער עלטערן, וואָס באַוועגן זיך אַרום די שולן. פּונקט ווי עס איז נאַטירלאַך פאַר דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג אַרויסצורופן אַ חשק צו פאַרנעמען זיך מיט דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט, אַזוי וואָלט זיך געדאַרפט דערוועקן אַ חשק צו פּעדאַלאָגיע, ווי אַ פּועל־יוצא פון דער שול־באַוועגונג. אָבער דאָס האָט, נאַטירלאַך, ניט געקענט פאָרקומען דאָרט, וואו דאָס דערציערישע באַוואוסטזיין ווערט פאַרטונקלט פון נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע פון איין זייט און פון סאָציאַליס־טישער — פון דער צווייטער זייט.

---

ווען איך האָב אַמאָל פאַרענדיקט אַ פאָרטראַג איבער דער־ציאונג, האָט מיר אַ צוהערער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לויט דעם דערציאונג־פּלאַן, וואָס איך שלאָג פאָר, וועלן אפשר אַרויסקומען גאַנץ גוטע מענטשן, אָבער זיי וועלן אינגאַנצן ניט זיין צוגעפּאַסט צו דער איצטיקער וועלט. מיר דאַרפן איצט ניט האָבן — האָט ער גע'טענה'ט — קיין טאָלסטאָי, כאָטש מיר האָבן שטאַרק דרך־

ארץ פאַר אזא מענטשן. מיר נייטיקן זיך איצט דערהויפּט אין קעמפער, אין פּאָגראָמשטשיקעס, אויב איר ווילט. מיר דאַרפן האָבן אַזעלכע, וואָס זאָלן מאַכן אַ לעצטן פּאָגראָם אַנטקעגן דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. בלויז אַ דור פון פּאָגראָמען־מאַכער וועט קענען פאַרווירקלאַכן דעם סאָציאַליזם. און שפּעטער, ווען מיר וועלן זיין פאַרטיק מיט דער דאָזיקער אַרבעט, וועלן מיר זיין גרייט פאַר אַ נייעם דור און מיר וועלן זיך מער ניט שרעקן פאַר „ווייכע, אינטעליגענטישע רייד”. איצט איז ניט די צייט — האָט ער ווייטער געדונערט — איצט פאָדערן מיר פון דער שול, אַז זי זאָל אונז געבן ענגע פאַרטייאישע, פאַנאַטישע פּאָגראָם־מאַכער, אָבער, פאַרשטייט זיך, פּאָגראָם־מאַכער אַנטקעגן דער קאַפּיטאַלי־סטישער אָרדנונג.

דאָס זענען ברוטאַל־אָפנהערציקע רייד, אָבער זיי דאַרפן אונז ניט שאָקירן פון דער עטישער זייט, ווייל ווי גזלניש די דאָזיקע רייד זאָלן ניט קלינגען, זענען זיי אבער געזאָגט געוואָרן אין נאָמען פון גרויסע מאָראַלע אידעאַלן. דער עיקר איז אָבער דאָס, וואָס די לאָגיק און די פּסיכאָלאָגיע פון דער גאַנצער אַרגומענטאַציע זענען פאַלש פון אָנהייב ביזן סוף. און וואָלט יענער צוהערער אָנגעגאַנגען מיט שולן אויף אַזאַ'ן אופן, וואָלט ער קיינמאָל זיין ציל ניט דער־גרייכט, אפילו ווען מיר זאָלן מודה זיין, אַז דאָס, וואָס ער וויל, איז גוט און דאַרף געשאַפן ווערן.

ניט אַלץ וואָס אַ שול וויל, קען זי אַרויסברענגען. ווייניקער פון אַלץ קען זי האָבן אפילו די שוואַכסטע דעה איבער דעם וואָסערע מיינונגען די קינדער זאָלן האָבן, בעת זיי וועלן אויסוואַקסן. איך בין אָבער מודה, אַז איבער געוואוינהייטן קען זי האָבן אַ געוואַלטיקן, אפשר דעם איינציקן איינפלוס. פון דעם שטאַנדפּונקט קומט אויס, אַז כאָטש די שול איז ניט קיין געוויינטלאַכע מאַשין, וואָס קען פּראָדוצירן אַלץ, וואָס עמיצן פאַלט איין, אָבער „פּאָגראָמשטשי־קעס” דאָס, גלויב איך, קען מען יאָ „פּראָדוצירן” נאָך אַ געהעריקער אָנשטרענגונג. די מעטאָדע פון בלוט־פאַרגיסונג, ווי איך האָב זי פריער גערופן, איז אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט צו אַזאַ אַרבעט. די צרה איז נאָר, וואָס בעת די שול וועט פאַרטיק ווערן מיט'ן פּאָגראָמ־

שטשיק, קען זי אונז קיין שום גאַראַנטיע ניט געבן, אַנטקעגן ווע־
מען ער וועט מאַכן זיינע פּאָגראָמען אין שפּעטערדיקע יאָרן. דער
אופן ווי אַזוי דער מהר"ל פון פּראָג האָט זיך אָפּגענאַרט ביים באַ־
שאַפן זיין גולם, האָט פאַר אונז אַלעמען געדאַרפט זיין אַ גוטע
לעקציע.

די פּאָגראַם־מעטאָדע קען ווערן אַ געוואוינהייט. אַבער אַנטקעגן
וועמען די מעטאָדע אָנצואווענדן, דאָס איז שוין אַ מיינונג, וואָס מען
קען לייכט בייטן. געוואוינהייטן וואָרצלען זיך איין, פאַרגראָבן זיך
אין דער מענטשלאַכער פערזענלאַכקייט. מיינונגען שווימען אַרום
אויף דער אויבערפלאַך, זענען ווייניקער זיכער און מער צעפלאָסן.
פּרצ'עס איד, וואָס זיין זון, דער פילאָזאָף, האָט אים שוין איינגע־
רעדט, אַז גאָט דאַרף ניט אונזער דאַווענען, ד. ה. אפילו ווען דער איד
האָט שוין געביטן זיין מיינונג בנוגע דאַווענען האָט ער זיך אָבער
באין אופן ניט געוואָלט אונטערגעבן, ווען עס איז געקומען צו דער
געוואוינהייט. וואָרים נאָך אַלע טענות פון זיין זון — וועלכע
ער הערט, דוכט זיך, אויס מיט הסכמה — ענטפערט ער: „אָבער
דאַווענען דאַרף מען דאָך."

מיר אַלע ווייסן, אַז עס איז לייכטער צו בייטן אַ לעבנס־פילאָ־
זאָפיע, איידער דאָס אויסלייגן פון אַ שפּראַך. דער פאַרנהייט
טערמאָמעטער, וואס מיר באַנוצן אין טאָג־טעגלאַכן לעבן, איז אומ־
געלומפּערט און שווער, בעת אין דער וויסנשאַפטלאַכער לאַבאָראַ־
טאָריע איז פאַראַן אַ לייכטער און פּשוט'ער טערמאָמעטער. אָבער־
אַלע פאַרזוכן אים איינצופירן אין לעבן האָבן זיך ניט איינגעגעבן.
אפילו דער עקסטרעמסטער רעאַקציאָנער וועט אַ סך גיכער איינגיין
צו בייטן זיין שטעלונג צום סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איידער צו בייטן
די ציפערן פון אַן אינסטרומענט אויף צו מעסטן היץ.

יעדער איינער, וואָס וועט זיך דערמאָנען וויפיל מאָל ער האָט
שוין געביטן זיינע מיינונגען איבער פאַרשידענע פראַגן פון זינט
זיין קינדהייט, וועט לייכט איינזען, אַז עס איז פּשוט אַן אַרויס־
געוואָרפענע אַרבעט — אין בעסטן פאַל — צו בויען שולן מיט'ן
הויפּט־צוועק, כדי מיר זאָלן האָבן אַ מעגלאַכקייט צו באַאיינפלוסן
אַ קינד מיט מיינונגען, וואָס זענען אונז ליב, און די קינדער זאָלן

זיי קענען נאָכזאָגן. עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע רייד מיינע דאַרפן ניט אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זינען, אַז אַ לערער קען אָדער דאַרף זיך אָפּהאַלטן פון אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען וועגן אַלץ אין דער וועלט. איך האָב דאָס שוין געגוג אונטערגע־שטראָכן און אָנגעוויזן אויך מיט וואָסער אַטמאָספערע דעם לערערס מיינונגען, ווען אַרויסגעזאָגט, דאַרפן זיין אַרומגערינגלט.

איך האָב אויך מורא, אַז די גוואַלטיקע רייסעניש צו ווען קינ־דער באַאיינפלוסן מיט מיינונגען און באַלייכטונגען שטאַמט אַ סך גיכער פון דעם, וואָס מענטשן האָבן בכלל ליב צו הערן זיך דורך די מיילער פון אַנדערע, אפילו ווען די אַנדערע זענען קליינע קינדער. אַנדערש וואָלט דאָך אוממעגלאך געווען צו פאַרשטיין דאָס פאַר־געניגן פון אַ פרומען טאַטן פון זיין זונס בר־מצוה־דרשה. ער ווייס דאָך, אַז זיין זון רעדט נאָך ווי אַ פּאָפּוגיי ווערטער פון אַ דערוואַק־סענעם. ער האָט דאָך אַליין געזען, ווי מען האָט אַריינגעקלאַפּט אינ׳ם קינדס קאָפּ ענינים, אין וועלכע בלויז ער, דער טאַטע, און דער רבי זענען פאַרינטערעסירט. היינט וואָס איז דאָס מיט אים די שמחה, ווען ער הערט פונ׳ם קינד׳ס מויל דעם רבינ׳ס רייד? יאָ, דאָס וואָלט געווען שווער צו פאַרשיין, ווען די דאָזיקע שמחה וואָלט ניט געווען אַזוי ווייט פאַרשפּרייט צווישן מענטשן אפילו אין אונזערע אייגענע קרייזן און פון אַלע שאַטירונגען.

פון דעם שטאַנדפּונקט האָבן די אַלע זאַכן בלויז אַן עמאָציאָ־נעלן ווערט פאַר דעם, וואָס זוכט צו ווירקן. אַזאַ מענטש וועט מסתמא האָבן אַ פאַרגעניגען צו הערן פון קינדער ניט בלויז די סאָ־ציאַלע מיינונגען, פאַר וועלכע ער איז באַגייסטערט, נאָר אויך אַ לויב־געזאַנג אויף זיין באַליבטן פּאָעט אָדער זינגער, אָדער אַן אויס־דרוק פון ווידערווילן אַנטקעגן זאַכן, וואָס זענען אים צופעליק ניט ליב. דאָס וועט אים באַפרידיקן, אָבער עס וועט באין אופן ניט זיין קיין אויסדרוק פונ׳ם קינדס וואוקס און בעסערער פאַרשטענדע־ניש פאַר דער וועלט.

דער וועג פון באַלייכטונג איז זיכער אַ קורצער און אַ לייכטער. אָט זאָגט דער לערער אַרויס זיין מיינונג, דאָס קינד נעמט איבער דעם לערערס רייד — און פאַרטיק. אַזאַ לייכטער וועג קען אַמאָל

זיין גאַנץ גוט. דער רוסישער פויער, וואָס זיין פערד פאַלט אריין אין אַ גרוב, איז זייער אומצופרידן מיט׳ן לאַנגזאַמען ווייסנשאַפט־לאַכן וועג פון מעסטן די טיפקייט, באַשטימען די וואָג פון׳ם פערד און די קראַפט פון׳ם שטריק, מיט וועלכן מען דאַרף עס ארויסציען. די בעסטע מעטאָדע פאַר אים איז צו „נעמען פאַר׳ן עק און שלעפּן". איך ווייס ניט וואָס עס איז געוואָרן מיט׳ן אָרימען פערד פון׳ם דאָזיקן אַנעקדאָט, אָבער אין דערציאונג קען אַזאַ מעטאָדע זיכער ניט העלפן, ווייל דאָ איז דער גרוב צו טיף, די האַנט צו קורץ און דער עק צו דעליקאַט.

1

# די אידיש־וועלטלאַכע סביבה.

ווען איך האָב אָנגערופן אונזער שול „מאָדערנע”, איז דאָס ניט געווען מחמת דעם, וואָס עס ווילט זיך אָנרופן אַן אייגענע זאַך מיט אַ שיינעם נאָמען. איך האָב דערביי אין זינען געהאַט אַ גאַנץ קלאָרן און פשוט'ן פאַקט. אונזער שול איז אַ היינט־וועלטיקע, אַ מאָדערנע אין דעם זינען וואָס זי איז געבויט אויף פונדאַמענטאַלע באַגריפן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער שול־דערציאונג פון דער וועלט אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, און האָבן אָנגעהויבן אַרויסברענגען גרויסע רעזולטאַטן ערשט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק.

אין משך פון דעם גאַנצן מיטלאַלטער איז דאָס גאַנצע שול־וועזן פאַקטיש קאָנטראָלירט געוואָרן פון דער קאַטוילישער קירך. קיין אָנפאַנג־שולן, אין איצטיקן זינען פונ'ם וואָרט, זענען כמעט ווי ניט געווען. די איינציקע אָנפאַנג־שולן וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט, האָבן עקזיסטירט בלויז אין די האַנדלס־שטעט, ווייל די אַנטוויקלונג פון האַנדל האָט אַרויסגערופן אַ רע־אַקציע אנטקעגן דעם ריין־רעליגיעזן באַגריף פון דערציאונג וואָס אירע וויכטיקסטע אינטערעסן זענען בלויז געלעגן אין אַ „יענע־וועלט.” דער האַנדל האָט זיך געניייטיקט אין שולן, וואו מען גיט זיך אָפּ מיט דער מוטער־שפּראַך, און וואו לייענען, שרייבן און רעכענען פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ.

דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן צו באַפרייען זיך פון דער ענג־רעליגיעזער אויפפאַסונג פון וועלט און לעבן וואָס איז נאָך באַנייט און פאַרשטאַרקט געוואָרן אין דער צייט פון דער פּראָטעס־טאַנטישער רעפאָרמאַציע. ווי די „קעימברידזשער מאָדערנע גע־

שיכטע" באַמערקט: „פון דער רעפאָרמאַציע ביז דער צייט פון דער דרייסיק־יעריקער מלחמה (1618-1648) האָבן די ויכוחים און די באַשטימונגען פון רעליגיעזע דאָגמעס פאַרשלונגען אַ גאַנץ אומפּראָפּאָרציאָנעלן חלק פון דער אינטעלעקטועלער טעטיקייט פון מערב אייראָפּע, וואו די טאָלעראַנץ צו רעליגיעזע מיינונגען, אפילו ווי אַ באַגריף, איז געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט".

אָבער אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט זיך די לאַגע אינגאַנצן געביטן. אַ חוץ וואָס די רעליגיעזע אינסטיטוציעס האָבן שוין ניט מער עקזיסטירט ווי אַן איינהייטלאַך־אָרגאַניזירטע און קאָנטראָלירנדיקע וועלט־מאַכט, זענען צוגעקומען אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט אין דער זעלביקער ריכטונג. אין יענער צייט איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן דער נאַאיווער גלויבן אין דער גריכישער אויטאָריטעט בנוגע וויסנשאַפטלאַכע פראַגן. אַנשטאָט צו קוקן אויף אַריסטאָטעל'ן ווי אויף אַ לעצטן פּוסק אין אַלע וועלטלאַכע ענינים, איז געבוירן געוואָרן די וויסנשאַפטלאַכע מעטאָדע. די מעטאָדע פון אליין פאָרשן, אונטערזוכן און באַשטימען לויט די רעזולטאַטן פון פאָרזיכטיקע עקספּערימענטן. ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן געלעבט און געווירקט אַזעלכע וויסנשאַפטלאַכע ריזן ווי פראַנסיס בעיקאָן, גאַלילעיאָ, הארווי, דעקאַרט, קעפּלער, טאָריטשעלי, בויל, ניוטאָן, לייבניץ, שפּינאָזא, הויגענס, לאָק, מאַלפּיגי און אַנדערע, קען מען זיך שוין לייכט פאָרשטעלן, וואָסער טויט־קלאַפּ דאָס איז געווען פאַר'ן גלויבן אין וועלכער ניט איז אַבסאָלוטער אויטאָריטעט. און מען דאַרף תמיד האָבן אין זינען, אַז דער גלויבן אין דער אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פונ'ם פּאַבסט בנוגע רעליגיעזע ענינים, איז אַ האָר ניט מער שעדלאַך ווי דער גלויבן אין דער אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פון די גריכן — אָדער פון וועמען ניט איז — בנוגע וויסנשאַפטלאַכע ענינים.

וויכטיקע פאַקטאָרן זענען אויך געווען ערשטנס, די נויטווענדיקייט פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ אין אַ צייט ווען פעלקער זענען געווען אינווייניק צעריסן אין פאַרשידענע רעליגיעזע לאַגערן; צווייטנס, די צענטראַליזאַציע פון דער מלוכה, וועלכע

האָט, פאַרשטייט זיך, געפאָדערט אַז אַ י ר ע אינטערעסן —
און ניט די אינטערעסן פון דער קירך — זאָלן שטיין אויבן־אָן
אין די שולן, און דריטנס, די פאַרשידענע עקאָנאָמישע און פּאָלי־
טישע סיבות, וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין דער ענגלישער רע־
וואָלוציע (1688), און שפּעטער אין דער פראַנצויזישער (1789)
און אין דער אַמעריקאַנער (1776).

דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דעם אַז די רעליגיעזע לימודים
זאָלן אינגאַנצן פאַרשווינדן פון דער שול, און אנשטאָט דעם זאָל
זי זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפט און בכלל מיט די פּראַקטישע
זאַכן פון דער וועלט; אַז די שול זאָל בכלל אויפהערן צו זיין
אַ צד אין רעליגיעזע ענינים כדי דאָס זאָל ניט אָנצינדן קיין
פייער צווישן די פאַרשידענע רעליגיעזע לאַגערן, און כדי עס זאָל
בכלל מעגלאַך זיין צו האָבן אין דער זעלביקער שול קינדער פון
פאַרשידענע רעליגיעזע היימען; און אַז די קאָנטראָל איבער דער
שול זאָל אינגאַנצן איבערגעגעבן ווערן דער מלוכה, וואָס דאַרף
פאַרטרעטן די גאַנצע באַפעלקערונג און אַלע אירע פאַרשידנ־
אַרטיקע אינטערעסן. אָט דאָס רופט מען די פאַרוועלטלאַכונג
פון די שולן. און, ווי געזאָגט, האָט זיך דער קאַמף פאַר אַזעלכע
שולן געצויגן עטלאַכע הונדערט יאָר, און פאַקטיש איז ער נאָך
אפילו איצט ווייט ניט פאַרענדיקט, אָבער אין ניינצנטן יאָר־
הונדערט האָבן מיר שוין גרויסע שול־סיסטעמען אין מערב איי־
ראָפּע און אַמעריקע וואָס זענען אומגעהייער וויכטיקע רעזול־
טאַטן אינ׳ם קאַמף פאַר דער וועלטלאַכער שול.

אונזער שול איז מאָדערן, וועלטלאַך, שוין דערמיט אַליין, וואָס
זי רעכנט זיך בלויז מיט מאָדערנע, וויסנשאַפטלאַכע רעזולטאַטן אין
אַלע אירע לימודים. דאָס זעט זיך אַרויס נאָך בולט׳ער, בעת אַלע
אַנדערע אידישע שולן, סיי פון אָרטאָדאָקסן, סיי פון רעפאָרמער,
שטייען נאָך אויף׳ן שטאַנדפּונקט פון פאַר דעם זיבעצנטן יאָר־
הונדערט. אָבער דערמיט ענדיקט זיך פאַקטיש די ענלאַכקייט
צווישן אונזערע וועלטלאַכע שולן און די וועלטלאַכע שולן פון אַנ־
דערע פעלקער. וואָרים אונזער שול איז ניט געשאַפן געוואָרן צוליב
אַן אויסגלייך צווישן קעגנערישע רעליגיעזע גרופּן, און זי ווערט

אויך ניט קאָנטראָלירט פון א קערפּערשאַפט, וואָס איר צוועק איז צו פאַרטרעטן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. דאָס זענען צוויי פונדאַמענטאַלע פּונקטן אין אַלע וועלטלאַכע שולן, אָבער ניט ביי אונז. אדרבה, אונזער שול טיילט אָפּ אַ געוויסע גרופּע פון דער אידישער געזעלשאַפט, וואָס איז קיינמאָל ניט פאַרטראָטן געוואָרן — ווי אַ באַזונדערע גרופּע — אויפ'ן דערציערישן פעלד. עס איז דעריבער נייטיק פעסטצושטעלן סיי די מאָטיוון, סיי דעם כאַראַקטער פון דער אידיש־וועלטלאַכער שול, כדי מיר זאָלן זי ווי געהעריק פאַרשטיין. מחמת דעם איז אפשר אויך גלייכער, אַז מיר זאָלן די ניט־אידישע וועלטלאַכע שולן אָנרופן מיט'ן נאָמען, מיט וועלכן זיי רופן זיך אַליין — „סעקולערע" שולן, און איבערלאָזן דעם טערמין „וועלטלאַכקייט" פאַר אַ וואָרט, וואָס האָט אַ גאַנץ ספּעציעלן זינען אין אידישן לעבן.

קודם כל איז נייטיק קלאָר צו מאַכן, אַז בעת ס ע ק ו ל א ־ ר י ט ע ט איז כמעט אַ ריינער שול־באַגריף, אַ באַגריף וואָס זוכט צו פאָרמולירן וואָסערע מעטאָדן, וואָסער אינהאַלט און וואָסער קאָנטראָלירנדיקע מאַכט עס זאָל הערשן אין אַ שול, איז דער באַגריף ו ו ע ל ט ל א ך פריער פון אַלץ אַ געזעלשאַפטלאַכער באַגריף. דער געדאַנק צו גרינדן אידיש־וועלטלאַכע שולן שטאַמט ניט פון געוויסע טעאָרעטישע חקירות אָדער רעפאָרמישע נייגונגען פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט מיט'ן אידישן שול וועזן. די אידיש־וועלטלאַכע שול איז געבוירן געוואָרן אונטער די דירעקטע ווירקונגען פון אַ באַזונדער לעבנס־אַרט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסשיילן אין דער אידישער וועלט אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט. מיט איין וואָרט, די אידיש־וועלטלאַכע שול איז די שול פאַר די קינדער פון דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה.

ווען מיר קומען צו דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה, זעען מיר דעם ווייט־גייענדיקן אינהאַלט פונ'ם וואָרט „וועלטלאַכקייט" אין אונזער לעבן. אָבער וואָס איז אייגנטלאַך די אידיש־וועלטלאַכע סביבה? עס וואָלט געווען אינגאַנצן אויסן וועג אַריינצולאָזן זיך דאָ אין די היסטאָרישע דעטאַלן, וואָס האָבן געפירט צום אייגנ־

ארטיקן געשטאלט פון א אידיש־וועלטלאך לעבן; כאטש אזא באַ־האנדלונג וואלט דעם גאנצן ענין א סך בולט'ער ארויסגעבראכט. אגב אורחא זענען שוין געוויסע איינצלהייטן בנוגע דעם ענין אנגע־רירט געווארן אין אנהויב פון דער דאזיקער ארבעט. זאל דא גענוג זיין צו שילדערן ניט די אנטוויקלונג, נאר דעם איצטיקן אלגעמיין־געזעלשאפטלאכן און קולטורעלן צושטאנד פון אט דער סביבה. עס דארף אויך לכתחילה פארשטאנען ווערן, אז דא ווערט זיך ניט ריידן וועגן אן אבסאלוט איינהייטלאכער גרופע — איינהייטלאך אין יעדן זינען פונ'ם ווארט — נאר וועגן א לעבן, וואס ניט געקוקט אויף דער אינווייניקסטער פארשידנארטיקייט און צעטיילטקייט, פארמאגט עס אבער א גענוג איינהייטלאכן הינטערגרונט, פון וועלכן עס זאל זיך ארויסשיילן אן ענלאכע קולטורעלע טעטיקייט בכלל, און אן אלגעמיינע שול־סיסטעם פאר די קינדער בפרט.

שפראכלאך איז די אידישע וועלטלאכע סביבה א גאנץ באַ־שטימטע. איר שפראך, אין ערגסטן פאל, איר אינטימע שפראך, איז אידיש. דער פונקט פון איינהייטלאכקייט, אדער פונ'ם צו־זאמענהאנג בנוגע שפראך באשטייט אין דעם, וואס אין גאנצן אידיש־וועלטלאכן לעבן פארנעמט אידיש דעם פלאץ פון דער „אמת'ער" שפראך. דער אידיש־וועלטלאכער מענטש פילט זיך פרייער, באקוועמער, לעבעדיקער אין אידיש. ער רעדט אפשר די לאנד־שפראך אויך, עס קען זיך מאכן אפילו אזעלכער, וואס האט קיין כוח בייצוקומען דעם דרוק פון דרויסן און שעמט זיך אין געווי־סע מאמענטן מיט אידיש. אבער ווען ער קומט צו אידיש, פילט ער זיך ביי זיך אין דערהיים. עס קען זיך געפינען אויך אזא, וואס איז ניט קיין פאנאטישער אנהענגער פון אלץ, וואס איז אידיש, אדער אז ער האט אפילו ספקות בנוגע דער צוקונפט פון אידיש. דאך האלט ער אידיש פאר אונזער איצטיקער שפראך, פרייט זיך, ווען די פאזיציעס פון אידיש ווערן פארשטארקט אין דער וועלט, און פילט אמת'ן עגמת־נפש, ווען טרויעריקע בשורות וועגן זיין שפראך דערגרייכן זיינע אויערן. ער קען אמאל זיין א מענטש, וואס קאכט זיך ניט אין געזעלשאפטלאכע באוועגונגען און האט אויך מיט אידיש, ווי א באוועגונג, ניט צו טאן; און אזא ווארט

ווי „אידישיזם“ וועט אפשר ניט אָנרירן קיין סענטימענטאַלע סטרונע אין זיין הארצן. אָבער אין יעדן מאָמענט, ווען ער וועט שטיין פאַר געוויסע שפּראַכלאַכע ברירות, און אידיש וועט זיין איינע פון זיי, וועט ער גאַנץ נאַטירלאַך — ניט פילנדיק, אַז ער שטרענגט זיך אָן צו פיל — הייבן זיין האַנט פאַר אידיש. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַלץ גערעדט ווענן דעם ערגסטן פאַל. אין בעסטן פאַל אָבער איז דער אידיש־וועלטלאַכער מענטש אַן אַקטיווער קעמפּער פאַר אידיש, ווייל ער פילט גאַנץ באַוואוסטזיניק אין דער דאָזיקער שפּראַך דעם אינטימסטן אויסדרוק ניט בלויז פון זיין געזעלשאַפטלאַכן, נאָר אויך פון זיין פּערזענלאַכן לעבן.

אין עקאָנאָמישן לעבן זיינעם איז דער אידיש־וועלטלאַכער מענטש אַן ארבעטער אָדער א קליין־בירגער, אָדער ער געהערט צו די אונטערשטע שיכטן פון׳ם מיטלקלאַס. ווי גרויס עס איז די צאָל פון יעדן פון די באַזונדערע קלאַסן, איז אוממעגלאַך צו זאָגן מיט דער מינדסטער באַשטימטקייט. עס איז מעגלאַך, אַז די מאַיאָריטעט באַשטייט פון ארבעטער, כאָטש דערין קען מען באין אופן ניט זיין זיכער. יעדנפאַלס מעג מען זיין שטאַרק מסופק צי אָט די מאַיאָריטעט — אפילו ווען זי איז א זיכערע — איז אַזאַ ריזיק־גרויסע און איבערוועגנדיקע, ווי די ארבעטער־פּאַרטייען ווילן אונז איינריידן. עס איז אמת, אַז די ארבעטער זעען זיך אָן צום שטאַרקסטן אין דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה. עס איז אויך אמת, אַז אין אָנהייב, בעת די דאָזיקע סביבה האָט זיך גענומען פאַר־מירן, זענען די ארבעטער געווען דער רוב מנין ורוב בנין. איצט איז אָבער גאַנץ אַנדערש. און אויב אפילו איצט זעען זיך אָן די ארבעטער ווי די איינציק־פּאַראינטערעסירטע אין אידיש־וועלטלאַכן לעבן, איז דאָס אַן אילוזיע. און די אילוזיע נעמט זיך דערפון, וואָס די ארבעטער קומען ווי אַן אָרגאַניזירטע מאַכט, א פּאַרטיי, א קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, און אַלץ, וואָס זיי טוען פאַר אידיש, ווערט דעריבער געטאָן העכער, רווישיקער, און עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן אַז ביי די אַנדערע קלאַסן פעלט כמעט אינגאַנצן א אינגערער, ענערגישער עלעמענט, דערצו נאָך זענען זיי טאָג און נאַכט צוגעבונדן צו זייערע פּרנסות אויף

א שקלאַפישן אופן, וואָס דאָס איז א גרויסער שטער אויפ'ן וועג פון אַקטיווער געזעלשאַפטלאַכער ארבעט.

אחוץ דעם — און אפשר טאַקע צוליב דעם — זענען פאַראַן היפּשע צאָלן פון די אָנגעוויזענע קלאַסן אין די אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס. די אַרבעטער־פּרעסע ווערט געלייענט און אויף פאַרשי־דענע אופנים געשטיצט פון אָט די מענטשן. אָבער, פאַרשטייט זיך, זיי זעען זיך דאָרט ניט אַרויס, זיי ווילן זיך דאָרט ניט אַרויסזען ווי מענטשן פונ'ם קלאַס, צו וועלכן זיי געהערן פאַקטיש. ממילא קומט אויס, אַז אין אידיש־וועלטלאַכן לעבן הערט מען על־פּי רוב די קרעפטיקע שטים פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, כאָטש אין דער קרעפטיקייט פון אָט דער שטים ליגט א היפּשער בייטראָג סיי פון קליינבירגער, סיי פון מיטלקלאַס מענטשן.

בנוגע וועלט־פראַגן פאַרטרעט די אידיש־וועלטלאַכע סביבה א פּראָגרעסיוון שטאַנדפּונקט. אונטער דעם וואָרט „פּראָגרע־סיוו" דאַרף פאַרשטאַנען ווערען אַן אומצופרידנקייט מיט דער וועלט ווי זי איז איצט, א קעגנערשאַפט צו די רעאַקציאָנערע כחות וואָס סיי אין עקאָנאָמיש, סיי אין סאָציאַלן, סיי אין פּאָ־ליטישן לעבן, ווילן זיי באַפעסטיקן די פּאָזיציעס פון אַלע צרות פון דער איצטיקער וועלט, און א גלויבן אַז דאָס מענטשלאַכער צו־זאַמענלעבן קען געבויט ווערן אויף גערעכטערע יסודות. וועגן דעם וואָס עס דאַרפן זיין אָט די „גערעכטערע יסודות", און וואָס עס דאַרפן זיין די מעטאָדן זיי צו דערגרייכן, זענען די מיינונגען שטאַרק צעטיילט. די ליניע ציט זיך פון א קלאָרער, פעסט־באַשטימטער פּראָגראַם ביז אַן אומבאַשטימטער טונקעלער שטרע־בונג, אָבער ווען די באַדינגונגען פון לאַנד פאָדערן פונ'ם אידיש־וועלטלאַכן מענטשן אויסצוקלייבן צווישן פאַרשידענע פּאָליטישע שטרעמונגען, קלייבט ער געוויינטלאַך אויס צווישן יענע וואָס שטעלן זיך איין פאַר פּראָגרעסיווע ענדערונגען; פאַר יענע וואָס לויט דער טבע פון זייער פּראָגראַם טראָגן זיי אין זיך הבטחות פאַר א גליקלאַך מענטשלאַך צוזאַמענלעבן וואָס זאָל ניט צע־שטערט ווערן פון די צרות און דער אונטערדריקונג פון וועלכע מיר ליידן איצט.

די צעטיילטקייט פון מיינונגען בנוגע די דאָזיקע פראגן, די ברענענדיקע ליידנשאפטן מיט וועלכער זיי ווערן פארטיידיקט, און ענדלאך, די צוריקגעצויגענע טיילן פון דער אידיש־וועלטלאכער באפעלקערונג, וואָס זייער פאָליטישע אריענטאציע איז ניט אזוי פארשפיצט, דאָס אלץ מאכט דעם איינדרוק אזוי ווי מיר וואָלטן דאָ געהאט צו טאָן מיט באזונדערע וועלטן וואָס שטייען ווי פייער און וואסער איינע אנטקעגן דער אנדערער. אָבער דאָס זעט אויס אזוי נאָר פאר דעם וואָס געפינט זיך אינווייניק, און אין רעכטן מיטן פייער. א מענטש וואָס האָט א מעגלאכקייט אויך צו זען דעם „דרויסן", און וויל ניט אָפּקומען בלויז מיט אינוויי־ניקסטע פארגלייכן, קען לייכט דערשפּירן אז די אידיש־וועלט־לאכע סביבה פארמאָגט א פּאָליטיש אויסזען וואָס גייט היפּשלאך ווייט אין פרט פון איינהייטלאכקייט.

דאָס קולטורעלע פּנים פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה פארמאָגט אויך גאנץ כאראקטעריסטישע סימנים. לאָמיר קודם כל באטראכטן איר בליק אויף רעליגיע, פון וועלכער זי האָט זיך ערשט ניט לאנג אָפּגעריסן. דאָ איז, פּונקט ווי אומעטום, קיין פולע איינהייטלאכקייט ניטאָ. די ליניע ציט זיך פון א שטרענגער אַנטי־רעליגיעזער אפּיקורסות ביז א געפיל פון גלויבן אין רעליגיעז־פילאָזאָפישע אמת׳ן. עס קענען זיין חלוקי דעות וואָס האָבן א שייכות צו א ריין־מאטעריאליסטישער פילאָזאָפיע, אָדער וועגן א מעגלאכקייט פון מיסטישע כחות אין דער וועלט. אָבער די צערעמאָניעלע רעליגיע, אָדער רעליגיעזער ריטואל, אָדער ספּעציעלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, אָדער רעליגיעזע אינטערעסן וואָס ווערן פארטראָטן דורך ספּעציעלע מענטשלאכע פּאָרשטייער, דאָס אלץ ווערט אין דער אידיש־וועלטלאכער סביבה ניט אנער־קענט.

אויפ׳ן פּלאַץ פון רעליגיעזן גלויבן שטייען די רעזולטאטן פון וויסנשאפטלאכע אונטערזוכונגען. דערמיט ווערט אויך פעסטגעשטעלט דער שטאנדפּונקט פון יעדן מאָדערנעם קולטור־מענטשן, אז יעדעס פּיצעלע אמת וואָס מען קען ארויסקריגן פון דער נאטור קען בלויז קומען דורך באוואוסטזיניקער מענטשלאַ־

כער אָנשטרענגונג. דער מאָראַלער ווערט פון אזא מין שטאנד־פונקט איז פארשטייט זיך, גאָר ניט אָפּצושאַצן.

אין דער קולטורעלער אָריענטאציע פונ׳ם אידיש־וועלטלאכן מענטשן פארנעמט אן אומגעהייערן פּלאַץ די אידישע ליטעראַטור אין אלע אירע שאַטירונגען. די אידישע ליטעראַטור ווערט פון אים ניט באטראכט בלויז פון שטאנדפּונקט פון איר קוואַליטעט, ד. ה. פון אירע מעלות, אָדער חסרונות, פון איר באגרענעצטקייט, אָדער ברייטקייט, נאָר אויך — און אָפּט דער עיקר — פון שטאַנדפּונקט פון „אייגנקייט", פון אַ מין אינטימען אויסדרוק פון דער אייגענער פּערזענלאכקייט. דערפאר פרייט ער זיך אָפּט מיט אַ אידיש בוך ניט ווייל ער האָט עס געלייענט, נאָר ווייל עס איז דאָ, ווייל עס איז פאראן אַ מעגלאכקייט עס צו לייענען, אָדער גאָר פּשוט צוליב זיין פארגעניגן פון דעם וואָס די אידישע ליטעראטור איז רייכער געוואָרן. דאָס זעלביקע איז אמת בנוגע דעם אידישן טעאַטער, אידישער מוזיק, מאלעריי, סקולפּטור, בכלל בנוגע אלע פאָרמען פון דער אידישער קונסט. די דאָזיקע כאראַקטעריסטיק זעט זיך אזוי שארף אָן ספּעציעל צוליב דעם וואָס — אנדערש ווי ביי אנדערע פעלקער — ווערט דאָס מאָדערנע אידישע שאַפן ניט אַנערקענט ביי די איבעריקע טיילן פון דער אידישער וועלט.

ווייט ניט אַלע פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה זענען צו־געגרייט צו געניסן די זאפטיקע פרוכט וואָס וואקסן אויף די יונגע ביימלאך פון דער בליענדיקער אידישער פילאָלאָגיע, סאָציאָלאָ־גיע, פּסיכאָלאָגיע, פּעדאגאָגיק, אָבער אלע קוויקן זיך מיט דעם וואָס זיי זענען דאָ, וואס זיי פארנעמען אן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונזער יונגער קולטורעלער באלאבאטישקייט און אפילו די וואָס זענען בכלל ווייט פון וויסנשאַפטלאכער פאָרשונג פרייען זיך מיט דער גרינדונג פונ׳ם אידישן וויסנשאַפטלאַכן אינסטיטוט וואָס שטרעבט צו קרעפּטיקן דעם וואוקס פון דער יונגער אידישער וויסנשאַפט.

אויך בנוגע אידישע פּראָבלעמען האָט די אידיש־וועלטלאכע סביבה איר כאראַקטעריסטיש וואָרט. איר שטעלונג צו אידיש

איז שוין פריער אָנגערירט געוואָרן, און אָט די שטעלונג פאַרגלייכט זיך גאַנץ גוט, כאָטש אויף אַ פאַרקערטן אופן, מיט דער שטעלונג צום ציוניזם, בנוגע אידיש ציט זיך די ליניע פון אַ פלאַמענדיקער אָנהענגערשאַפט ביז אַ שטילער הסכמה. פונקט פאַרקערט איז עס בנוגע דעם ציוניזם. דאָ ציט זיך די ליניע פון שטילער הסכמה ביז פלאַמענדיקער קעגנערשאַפט. די אידיש־וועלטלאַכע סביבה איז „גלות'יסטיש", זי נערט זיך פון די וועלטלאַכע ווערטן וואָס די אידישע מאַסן האָבן געשאַפן אין די לענדער וואו עס איז פאַראַן אַ כאַראַקטעריסטיש אידיש לעבן און זי לייגט אירע גרעסטע האָפנונגען אויף די מעגלאַכקייטן וואָס קענען זיך עפענען פאַר אונז אין די דאָזיקע לענדער. דאָס איז באַין אופן ניט מחייב קיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם, דאָס שליסט אָבער זיכער אויס יעדע ווייטגייענדיקע ציוניסטישע לײדנשאַפט ד. ה. אַ געפיל אַז פאַלעסטינאַ איז די איינציקע לייזונג פון דעם וואָס מען רופט „אידן־פראַגע". פון דער אַנדער זייט ליגט אין אַזאַ געדאַנקען־גאַנג אַ וואַרימע פאַזיטיווע שטעלונג צו יעדער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אין די אַזוי גערופענע „גלות־לענדער".

עס איז זייער מעגלאַך, אַז די טענדענצן וואָס ליגן אין אָט דעם אַלגעמיינעם הינטערגרונט צו האַלטן די גאַנצע אידיש־וועלטלאַכע סביבה צוזאַמען אין שייכות צו געוויסע זייער וויכטיקע אויפגאַבן, עס קען זיין, אַז אָט די אַלגעמיינע טענדענצן וואָלטן קיינמאָל קיין מעגלאַכקייט ניט געהאַט זיך אויסצודריקן אין פּראַקטישן לעבן צוליב די אינווייניקסטע רייסערייען. און ניט איינמאָל האָט עס טאַקע פּאַסירט אַז מען האָט אַרויסגעגאָסן דאָס וואַסער צוזאַמען מיט'ן קינד. וואָרים מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין דעם דאָזיקן ווינקל פון דער אידישער געזעלשאַפט זיינען טעטיק די אידישע אַרבעטער פּאַרטייען מיט זייער נאַטירלאַכער טענדענץ צו וועלן ווירקן ווי אַן אָפּגעזונדערטער, דאָמינירנדיקער כוח אפילו אין די ווייטסטע ענינים. אחוץ דעם איז די קליינקייט פון אונזער וועלטל מער מסוגל אַרויסצורופן די טיפסטע פאַרביסנקייט און גיפטיקסטע ביטערקייט ווען פאַרטיי־אינטערעסן שטויסן זיך צונויף. און ניט איינמאָל טרעפט זיך

באַ פּאַרטייען אַז אפילו די הויפּט ארבעט פאַר וועלכער זיי זענען געשאַפן געוואָרן מוז ליידן צוליב די אינטערעסן פון׳ם פאַרטיי־מעכאַניזם. עס איז גענוג צו דערמאָנען די געשעענישן פון 1905 ווען פאַראייניקטע ארבעט איז אָפּטמאָל געשטערט געוואָרן צוליב סכסוכים איבער פאַרטיי העגעמאָניע.

מען קען דעריבער גאַנץ לייכט פאַרשטיין פאַרוואָס די דאָזיקע פאַרטייען — כאָטש מען קען ניט צווייפלען אין זייער איבערגעבנקייט צו אידישע קולטור ארבעט — זאָלן פונדעסטוועגן טיילמאָל זיין אַ שטערונג אין דערזעלביקער ארבעט. אַזוי למשל בעט זיך ה. קאַזשדאַן — איינער פון די וויכטיקסטע פאַרשטייער פון אונזערע שולן אין פּוילן — מען זאָל ניט אריינברענגען קיין צעריסנקייט אין דער שול ארבעט וואָס ווירקט „זי צו איזאָלירן פון די זייער ברייטע שיכטן אַזוי גערופענע קליינבירגער, פּאָלקס־אינטעליגענץ, א. א. דאָס פאַרשמעלערט דעם געזעלשאַפטלאַכן באַזיס פון אונזער שול־וועזן. דאָס שטויסט אָפּ פון איר אַ גרויסן טייל פון דער לערערשאַפט גופא. דאָס צעהיצט די געמיטער אפילו אין די רייען פון דער שול קערפּערשאַפט גופא" („די נייע שול", וואַרשע, מערץ־יוני 1923, זייט 39). דאָ איז אויך כדאי צו דערמאָנען דר. ישראל רובינס בריוו אין „די ליטעראַרישע בלעטער" (נומ. 139, 1926 און נומ. 2, 1927), וועלכע ווייזן ווי די פּאַרטיי רייסערייען האָבן געהאָלפן פולשטענדיק פאַרניכטן די אידיש־וועלטלאַכע שול אין רומעניען.

דאָך זענען די טענדענצן וואָס פאַראייניקן די אידיש־וועלטלאַכע סביבה — איך מיין אין יענע מאָמענטן ווען פאַראייניקטע ארבעט איז נאַטירלאַך, נייטיק און מעגלאַך — שטאַרק גענוג סוף כל סוף בייצוקומען די אָנגעוויזענע שטערונגען. מיר זעען טאַקע, אַז ווילנע — וואו די ארבעטער פאַרטייען האָבן קיין ענגהערציקע פּאָליטיק ניט געשפּילט, און האָבן געלאָזן פריי דאָס פעלד פאַר דער אקטיווער מיטארבעט פון דער גאַנצער אידיש־וועלטלאַכער געזעלשאַפט — אין ווילנע איז די פולע, פאַראייניקטע ארבעט אין קולטור ענינים געווען אַזאַ מזל ברכה וואָס האָט קיין גלייכן ניט אין קיין פּלאַץ וואו אידישע קולטור איז אָנגעוויזן בלויז אויף

אייגענע כחות. אויך אין ווארשע, ווי עס ווייזט אויס, האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן ארומזען, אז די אַלע לאָזונגען וועלכע האָבן געזוכט צו צעברעקלען די אידיש־וועלטלאכע סביבה בנוגע דער שול־ארבעט, זענען געווען אומניצלאך פאר די פּארטייען און פּשוט׳ער סם פאר דער שול. איך נעם דאָס פונ׳ם אויפרוף וואָס די דאָרטיקע אידישע שול־אָרגאַניזאַציע האָט פּארעפנטלאכט צו זאַמלען א פאָנד פאר א אידיש־וועלטלאכע מיטל־שול אין ווארשע, און וואָס א טייל פון אים איז געדרוקט אין „ליטעראַרישע בלעטער", נומ. 2, 1927. עס איז גענוג טרויעריק וואָס ווארשע, די גרעסטע אידישע שטאָט אין אייראָפּע, האָט ניט קיין איין אידיש־וועלטלאכע גימנאַזיע, בעת ווילנע האָט גאַנצע פיר. איצט ווענדט זיך דער אויפרוף פון דער ווארשעווער שול־אָרגאַניזאַציע ניט צו א באַשטימטן קלאַס, נאָר „צו דער אידישער געזעלשאַפט, צו אַלע עלטערן", און די לאָזונג איז „א אידיש־וועלטלאכע מיטל־שול", א לאָזונג וואָס איז, זעט אויס, אויסגערעכנט צו וועקן די אַקטיווויטעט פון דער גאַנצער אידיש־וועלטלאכער סביבה פאר א גרויסער קולטור ארבעט, וואָס טאָר ניט פארטרייבן קיין איין פאַרינטערעסירטן צד.

דער ערשטער גרויסער טרייב־כח וואָס האָט געהאָלפן שאַפן און קריסטאַליזירן די אידיש־וועלטלאכע סביבה איז געווען די אנטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור. ליטעראַטור איז ניט קיין אינסטיטוציע אין געוויינלאכן זינען פון וואָרט. דאָ האָט ניט געקענט שטיין די פראַגע וויפיל פּאָעטן און פּראָזע שרייבער עס זאָל שיקן אהער איין פּארטיי אָדער אַן אנדערע, ליטעראַטור ווערט ניט געשאַפן דורך פּארטייאישע פארטרעטערשאַפט. אמת, אין דער ליטעראַטור איז אמאָל געווען א צייט — די צייט פון עדעלשטאַט, באָװשאָווער, ווינטשעווסקי און טייטלוויז אפילו ראָזענפעלד — ווען פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך געריסן צו פארנעמען דעם פּלאַץ פון קונסט, אָבער יענע צייט איז שנעל פארשוואונדן. אונזער ליטעראַטור האָט ניט געליטן פון פּארטיי־צאַנקערייען דערפאר איז זי ריזיק אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַן אומגעהייערע קראַפט אין אונזער לעבן. ס׳רוב אידישע קינסטלער און וויסנ־שאַפטלער זענען די טיפּישסטע פארשטייער פון דער גאַנצער אי־

דיש־וועלטלאַכער סביבה. און דאָס ווייזט זיך אַרויס נאָך בולט'ער בא יענע וואָס אַ גלייכגילטיקייט צו געזעלשאַפטלאַכע פראַגן איז זיי פּשוט דערווידער.

אַזעלכע וואָלטן אויך געדאַרפט זיין די לערער, און אַזעלכע וועלן זיי מוזן זיין, אויב אונזער שול איז באַשערט צו וואַקסן און געדייען. אונזערע איצטיקע אינווייניקסטע צרות אין דער שול באַוועגונג נעמען זיך דערפון וואָס די לערער קומען ניט — אין דער ערשטער ליניע — פון אַ דערציערישער וועלט, מיט בילדונג און פייאיקייט וואָס האָבן זיך אין אַזאַ וועלט אויסגע־האָדעוועט, נאָר פון די פּאַרטייען. ניט איינמאָל האָבן זיי גע־האָלפן אָפּשוואַכן די מעגלאַכע געווינסן פון דער שול, ווען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דערמיט קען מען פאַרשטאַרקן די ווירקונג פון דער פּאַרטיי וואָס איז זיי ליב. אָט דאָ ליגט דער הויפּט אונטערשיד צווישן אונזערע ליטעראַטור־שאַפער און די לערער. דאָס איז אויך איינע פון די סיבות פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי ווינציק לערער־קינסטלער אין די שולן.

די אידיש־וועלטלאַכע סביבה איז גענוג צעטיילט און צע־שפּאָלטן אַז פּאַרטייען זאָלן זיין אַ גאַנץ נאַטירלאַכע און היסטאָ־ריש נויטווענדיקע דערשיינונג. אַ פּאָדערונג אַז דאָ זאָל הערשן אַן איינהייטלאַכע פּאָליטישע ליניע, אָדער אַן איינהייטלאַכע ליניע בנוגע פאַרשידענע געזעלשאַפטלאַכע פראַגן, וואָלט געווען ניט בלויז קינדיש נאָר אויך אומגערעכט. עס זענען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן געוויסע געזעלשאַפטלאַכע פראַגן ווען אַ ריין פּאַרטייאישע ליניע וואָלט געווען אַן אומגליק. אַזאַ פראַגע איז, למשל, די אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוויעטן פאַרבאַנד. עפּעס ענלאַכס קען מען אויך זאָגן וועגן קולטור אַרבעט. דאָ איז די צעטיילטקייט אַ נישטיקע לגבי דעם איינהייטלאַכן אַלגעמיינעם הינטערגרונט, וועלכן איך האָב געצייכנט. דאָ וואָלט אויך די צעטיילטקייט פּשוט געווען אַן אומגליק צוליב דער קליינער צאָל כוחות אין פאַרגלייך מיט די אומגעהייערע שוועריקייטן פון דער אויפגאַבע.

קולטור אַרבעט בכלל און שול אַרבעט בפרט איז גרויס גענוג

און ברייט גענוג אריינצונעמען אין זיך אלע עלעמענטן פון דער אידיש־וועלטלאכער געזעלשאפט. פון דער אנדערער זייט איז דאָך קלאָר אז אזא אייגנארטיקער לעבנס־אינהאלט, ווי עס ווערט דאָ געשילדערט די אידישע וועלטלאכקייט, האָט זיך באין אופן ניט געקענט באפרידיקן מיט קיין איינער פון די שול־סיסטעמען וואָס די אידישע וועלט האָט פריער פארמאָגט. אזוי איז גע־בוירן די מאָדערנע אידישע שול, אַ אידיש־וועלטלאכע שול פאר די קינדער פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה.

2.

## דער צוועק פון דער שול.

ווען מיר זאָלן אָפּשטעלן אַ מענטשן אין מיטן גאס און אים פרעגן צוליב וואָס מיר דארפן שולן פאר קינדער, וואָלט ער לכתחילה מסתמא צעטומלט געוואָרן און אויסגע׳בטל׳ט אלע בייזע חלומות צו אונזערע קעפּ. ווייל שולן זענען געוואָרן אזא זעלבסטפאר־שטענדלאכע זאך, שוין באלד אזוי ווי אַ נאטור געזעץ. ווען מען פרעגט אַ הייניטיקן מענטשן צוליב וואָס מען דארף שולן, איז פונקט ווי מען וואָלט בא אים פרעגן צוליב וואָס מיר דארפן טאָג און נאכט, אָדער פארוואָס ווערן בא מענטשן געבוירן מענטשלאכע קינדער און קעץ האָבן קעצלאך.

אָבער ווען אזא מענטש וואָלט זיך אביסל בארואיקט וואָלט ער מסתמא געזאָגט, אז מען דארף האָבן שולן כדי אונזערע קינדער זאָלן אויסוואקסן גוטע מענטשן, געבילדעטע מענטשן, און נאָך אזעלכע אלגעמיין באקאנטע ענטפערס. איין זאך דארף מען אָבער תמיד האָבן אין זינען אז אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן דער עקזיסטענץ פון שולן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פאקט וואָס קיינער קען ניט אָפּלייקענען. נאָר ווען מיר קומען צו דערקלערונגען, צום „צוליב דעם", אָדער צום „כדי", דעמאָלט רירן מיר שוין אָן אַ טעאָריע, און טעאָריעס קענען אמאָל זיין ריכטיק און אמאָל פאלש. דאָס איז אייגנטלאך אמת וועגן אלע זאכן אין דער וועלט. ווען

מענטשן דערקלערן עפּעס א זאַך אין דער וועלט מיט א „כדי", דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק, ווייל א „כדי" איז אָפטמאָל א שפּעטער צוגעטראַכטע השערה וואָס קען זיין זייער ווייט פון'ם היסטאָרישן אמת.

וואָס זשע איז דער היסטאָרישער אמת וועגן דעם צוועק פון שולן? א גענויער ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע וואָלט גע־פאָדערט מיר זאָלן איבערגעבן די גאַנצע געשיכטע פון דערציאונג מיט אַלע דעטאַלן. וועגן אזא ארבעט קען דאָ, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט זיין. אָבער א געאייַלטער איבערפלעכלאכער איבער־בליק וועט אונז שטאַרק צוניץ קומען.

ווען מיר קוקן זיך צו צום לעבן פון א פּרימיטיוון שבט אין אויסטראַליע אָדער אפריקע וואַרפט זיך אין די אויגן א מערקוויר־דיקער פאַקט. אָט, זעען מיר, גייען אוועק דורות און נייע פאַרנעמען זייער פּלאַץ, און די נייע פילן אויס די פונקציעס פון'ם לעבן ניט ערגער פון די פריערדיקע, פונקציעס וואָס זענען גאַנץ קאָמפּלי־צירט, צו וועלכע עס פאָדערט זיך א היבש ביסל וויסן, געניטקייט און געפילן פון טיפער איבערגעבנקייט צו די אינטערעסן פון'ם כלל. דאָס אַלץ ווערט דורכגעפירט אָן א סיסטעמאַטישער אָרגאַניזירטער דערציאונג פון די קינדער און אָן ספּעציעלע שולן און לערער, אזוי ווי מיר האָבן זיי בא מאָדערנע פעלקער. ווי זשע ווערט דאָס אַלץ דערגרייכט?

אויב דער צוועק פון שולן איז צו זען אז די קינדער זאָלן זיין גוטע מענטשן ווען זיי וועלן אויסוואַקסן איז דאָך פּשוט ניט צו פאַרשטיין ווי אזוי עס וואַקסן אויס אין דער פּרימיטיווער געזעל־שאַפט גאַנץ גוטע מענטשן — פון זייער שטאַנדפּונקט — כאָטש אזעלכע שולן ווי מיר האָבן, און פאַר וועלכע מיר גיבן אָפּ אזוי פיל מי און געלט, זענען בא זיי לחלוטין ניטאָ. און, ווי געזאָגט, דאַרף מען ניט מיינען אז דאָס וואָס עס פאָדערט זיך פון פּרימיטיווע מענטשן איז אזוי לייכט און איינפאַך. מען דאַרף האָבן א סך קענטענישן און געניטקייט צו קענען כאַפּן פיש, פאַנגען חיות, שיסן

פיילן, אָדער ווארפן א בומראנג ווי עס געהער צו זיין. אחוץ דעם וויסן פרימיטיווע קינדער א היפּש ביסל פון דער געשיכטע פון זייער שבט. אמת, די געשיכטע מיט וועלכער זיי זענען באקאנט איז בלויז א קאָלעקציע פון לעגענדעס, מעשיות, אבערגלויבנס א. ד. ג., אָבער פון זייער שטאנדפּונקט איז דאָס „אמת'ע" געשיכטע, און דאָס וויסן זיי. זיי וויסן די געאָגראפישע גרענעצן פונ'ם שטח וואָס זיי פארנעמען. זיי וויסן א סך פונ'ם לעבן פון שכנ'ישע שבטים, און האָבן ידיעות וועגן היסטאָרישע פריינט און שונאים. זיי זענען באקאנט מיט די געזעצן, מנהגים און זיטן פון זייער שטאָט וואָס זענען היפּשלאך קאָמפּליצירט און ווייט פארצווייגט. מיט איין וואָרט, אין אָט די אַלע זאכן איז פאראן גענוג מאטעריאל אויף א סך ביכער, א סך קורסן, און א סך יאָרן פון פלייסיקן לערנען. און דאָס אַלץ לערנען זיי אוים די קינדער, און לערנען זיך אויס זייער גוט, אָן שולן, אָן לערער, און אָן ספּעציעלע דענקער וואָס האַלטן רק אין איין טראכטן ווי אזוי מען זאָל צוגרייטן די קינדער צום דערוואקסענעם לעבן. איז דאָס ניט א מערקווירדיקע זאך?

ווען מ'באטראכט אָבער נענטער דאָס לעבן פון אזעלכע שבטים ווערט אונז דער דאָזיקער ענין אַלץ קלאָרער. מיר זעען ווי די קינדער דורך זייערע שפּילערייען — וואו זיי טוען נאָך א סך פון דעם וואָס עס טוען די דערוואקסענע — דורך מיטגיין אויף געיעג־עקספּעדיציעס, דורך באטייליקן זיך אין יום טובים, רעליגיעזע צערעמאָניעס, פארוויילונגען א. ד. ג., לערנען זיך אוים א סך פון די זאכן וועלכע זענען פריער דערמאָנט געוואָרן. זיי לערנען דורך מיטהעלפן, מיטגיין, מיטטאָן, דורך שטילן זייערע נאטירלאכע דאָרשטן צו באטייליקן זיך אויף זייער אייגענעם אופן אין די פּראָצעסן פון לעבן. עס זענען אויך פאראנען אזעלכע ידיעות וואָס מען קען ניט באקומען פון אייגענער ארבעט, אָדער פון טעטיקייטן פאר וועלכע דערוואקסענע זאָרגן זיך ניט. אזוי זענען פאראן בא פרימיטיווע גרופּעס געוויסע סודות און מנהגים וואָס מען גיט איבער ערשט אין דער בר מצוה צייט. פון זיך אַליין וואָלטן דאָס די קינדער ניט געקענט אויסגעפינען. אזוי דערציילט מען זיי אויך

מעשיות, „היסטאָרישע פאַקטן" וואָס מען קען דערגיין בלויז פון עמיצן וואָס וויים און קען זיי איבערגעבן. פון דעם שטאַנדפונקט זענען בא פרימיטיווע שבטים אויך פאַראַן „לערער" (עלטסטע, גייסטלאַכע, כשוף־מאַכער) און אויך אַ געוויסער סאָרט „שולן". וואָרים עס זענען פאַראַן ספּעציעלע געזעלשאַפטלאַכע הייזער וואו מען קומט זיך צוזאַמען, און דאָרט באַקומען די קינדער די נייטיקע פאָלקלאָריסטישע ידיעות. אָבער אָט די „שולן", „לערער" און געלעגנהייטן, וואָס גיבן די קינדער דירעקטע ידיעות, זענען ניט אָפּגעטיילט פונ'ם אַלגעמיינעם לעבן, פון דער אַלגעמיינער דערציאונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין ממילא'דיקע פאַנאַנדערוויקלונג פון אַ קינד'ס פיזישע און גייסטיקע כחות. דירעקטע ידיעות האָבן תמיד געהאַט זייער באַרעכטיקטן פּלאַץ אין דערציאונג, כאָטש דאָס וויכטיקסטע ליגט אין די אומבאַוואוסטזיניקע ווירקונגען פון כחות וואָס רינגלען אַרום דאָס קינד.

אָבער דירעקטע ידיעות זענען פאַראַן פאַרשידענע. פאַראַן אַזעלכע וואָס קינדער דאַרפן האָבן שוין, איצט, צוליב דעם פאַרגעניגען וואָס מען האָט דערפון, אָדער צוליב קענען דורכפירן אַ געוויסע טעטיקייט. אַזעלכע ידיעות זענען, למשל, מעשות, ענטפערס אויף אינטערעסאַנטע פראַגן, אָדער כללים פון אַ שפּיל. ווידער זענען פאַראַן ידיעות וואָס זענען בכלל ניט נייטיק אין די קינדעריאָרן, זיי קומען צונוץ ערשט אין דערוואַקסענעם לעבן, נאָר מען לערנט זיי אין דער קינדהייט ווייל מען האַלט זיי פאַר זייער נייטיק אין לעבן, און עס דאַרף נעמען אַ לענגערע צייט זיי צו באַהערשן. אַזעלכע ידיעות, אָדער לימודים, זענען מאַטעמאַטיק, שפּראַכן, גראַמאַטיק, אינסטרומענטאַלע מוזיק א. ד. ג. אין פרימיטיווער דערציאונג איז בלויז געווען אַ פאָרם פון דירעקטען לערנען אין שייכות צום ערשטן סאָרט, צו ידיעות, ניט צום צווייטן, צו לימודים. ממילא איז דאָרט דאָס קינד געווען אַ פולשטענדיק קינד אין אַלע טעטיקייטן, און איז געוואַקסן לאַנגזאַם, נאָרמאַל, לויט די סטימולן פון דער אַרומיקער סביבה. אז פון אזא וואוקס זאָל זיך אַנטוויקלען אַ דערוואַקסענער, געזונטער מענטש, מיט דער נייטיקער באַ־

ציאונג צום כלל צווישן וועלכן ער לעבט איז קלאָר און פאַר־שטענדלאַך.

מיטן גאַנג פון דער ציוויליזאַציע איז אַלץ מער נייטיק געוואָרן אַריינצוברענגען אין דערציאונג די פאָרמאַלע לימודים, ד. ה. אַזעלכע ידיעות — געוויינלאַך אַבסטראַקטע ידיעות — וואָס מען רעכנט אַז זיי שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דערוואַקסענעם לעבן, אָדער זיי פירן צו זאַכן וואָס דאַרפן שפּילן אַזאַ ראָלע, כאָטש פאַר דער קינד־הייט האָבן זיי אַ קנאַפּן ווערט. און ווען מען זאָל עס איבערלאָזן צו די קינדער אַליין וואָלטן זיי אַזעלכע ידיעות קיינמאָל ניט באַ־קומען. דאָס האָט ממילא אַרויסגערופן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע — די שול, וואָס דאַרף זיך אָפּגעבן מיט לימודים, און אַ ספּעציעלן קלאַס — לערער, וואָס זייער עובדא איז צו פאַרטרעטן דערוואַק־סענע נויטן אין לעבן פון קינדער. מיט דער צייט איז די פּראָגראַם פון לימודים אַלץ ברייטער און ברייטער געוואָרן. די שול האָט אָנגעהויבן צו פאַרשלינגען די גרעסטע טייל פון די קינדערס צייט אַזוי אַז עס איז געבליבן ווינציק צייט פאַר זייערע נאַטירלאַכע, פרייע, קינדישע טעטיקייטן וועלכע די שול האָט איגנאָנצן איגנאָ־רירט, און וועלכע האָבן אויפגעטאָן אַזעלכע גרויסע וואונדער אין דערציאונג איידער די שול איז געבוירן געוואָרן. די אַנטוויקלונג פון דער שול האָט, הייסט עס, אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ צו פאַר־טרייבן די קינדהייט פון די קינדער.

אַזוי האָט, למשל, שוין אין דער אַלטער גריכישער שול פאַר־נומען אַ וויכטיקן פּלאַץ דאָס לערנען שפּילן אויף אַן אינסטרומענט און דאָס לערנען אויף אויסווייניק האָמער'ס לידער. ווען שרייבן, לייענען און רעכענען זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער שול, האָבן לימודים שוין פאַרנומען די סאַמע גרעסטע און וויכטיקסטע טייל פון דער גאַנצער שול־דערציאונג. דאָס האָט אויך געפאָדערט אַז קינדער זאָלן דעם גאַנצן טאָג פאַרברענגען אין שול, זיין אָפּגע־ריסן פונ'ם לעבן פון דער עכט־קינדערשער געזעלשאַפט, און זיך פאַרנעמען על פּי רוב מיט זאַכן, וואָס זיי דאַרפן איצט ניט האָבן, אָבער וואָס זיי וועלן דאַרפן שפּעטער ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

ווען די שול, אינ׳ם היינטיקן זינען פון וואָרט, האָט זיך איינגעפונ־דעוועט בא די ציוויליזירטע פעלקער, האָט זי געבראַכט מיט זיך אַ סיסטעם פון גרויזאַמע פיזישע שטראָפן, וואָס זענען נאָך איצט אומ־באַקאַנט בא פרימיטיווע שבטים. און מען קען גאַנץ לייכט פאַר־שטיין פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען. וואָרים וואָס מער דער דערוואַקסענער האָט אַוועקגעשטעלט זיין אייגענע וועלט ווי אַן ענין מיט וועלכן די קינדער דאַרפן זיך פאַרנעמען, אַלץ מער האָט זיך פאַרשטאַרקט דער פראָטעסט פון דער קינדהייט אַנטקעגן דער שול. און דער לערער האָט אין דעם דערזען אַן איינגעבוירענע שלעכטס־קייט מצד דעם קינד וואָס מען דאַרף אויסוואָרצלען דורך פיזישער שטראָף.

אַן ענלאַכן צוזאַמענשטויס צווישן די צוועקן פון קינדער און דערוואַקסענע אין אַ קינדערשער טעטיקייט קענען מיר באַמערקן ווען אַ מאַמע גיט עסן איר קינד. דאָס קינד עסט כדי צו שטילן דעם הונגער, כדי זיך צו פאַרשאַפן דאָס פאַרגעניגן וואָס מען האָט פון זיין זאַט. דאָס איז אַ דירעקטער, אַ באַלדיקער צוועק. און קיין אַנדערע צוועקן קען דאָך קיין קינד ניט האָבן באַם עסן. אָבער די מאַמע טראַכט ניט בלויז פונ׳ם קינד׳ס זאַטקייט; זי וויל דאָס קינד זאָל עסן צוליב אַ וויטערן צוועק, כדי עס זאָל זיין געזונט, כדי עס זאָל אויסוואַקסן אַ געזונטער מענטש. ממילא קומט אויס לויט איר מיינונג, אַז וואָס מער אַ קינד עסט אַלץ מער זאַמלט זיך אָן מאַטעריאַל אויף שפּעטערדיקער געזונטקייט. די קאָנפליקטן וואָס קומען דערפון אַרויס צווישן קינדער און זייערע מאַמעס איז יעדן איינציקן באַקאַנט, און וועמען דאָקטוירים גיבן גערעכט אין אַזאַ מין סכסוך ווייס שוין איצט אויך יעדער איינציקער מענטש. די מאַמע, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט ניט קיין צוטרוי צו די נאַטירלאַכע פּראָצעסן פון דער קינדהייט. זי גלויבט ניט אַז אַ נאָרמאַלער אַפּעטיט אין דער קינדהייט וועט שוין אַליין באַזאָרגן די געזונטקייט פון שפּעטערדיקע יאָרן — אויף וויפיל דאָס הענגט אָפּ פון עסן. בא איר קומט אויס אַז איר ווייטער צוועק קען בלויז דערגרייכט ווערן ווען זי וועט זיך ניט צופרידן שטעלן מיט דעם

איצטיקן מאָמענט, מיט בלויז שטילן דעם הונגער, נאָר מיט צוגעבן נאָך עפּעס, און אָט דער „נאָך עפּעס" דאַרף זיין אַ מין ספּעציעלער האַנט-געלט אויף רעזולטאַטן וואָס דאַרפן זיך ערשט שפּעטער ארויס־ווייזן.

---

נאָכדענקענדיק וועגן דעם טרויעריקן גאַנג פון דער געשיכטע פון שול-דערציאונג קומט מיר אַרויף אויפ'ן זינען אַ ישיבה בחור וועגן וועלכן מען האָט דערציילט זייער קאָמישע אינצידענטן. יענער פלעגט זיך פירן אַז באַם עסן טעג האָט ער תמיד — נאָך דעם ווי ער איז שוין געווען זאַט — אריינגעשטופּט אין זיך נאָך עסן כדי צו האָבן אויף „זאַפּאַס", ווייל ער קען דאָך הונגעריק ווערן צווישן איין מאָלצייט און דעם צווייטן.

אָט די דאָזיקע „זאַפּאַס" טעאָריע אין דערציאונג דריקט זיך אויס אין דעם וואָס מען דענקט אַז קינדער זענען נאָך דערווייל גאָרנישט. זיי זענען בלויז קאַנדידאַטן אויף עפּעס צו וואָס מען דאַרף זיי גרייטן, און די גאַנצע קינדהייט איז בלויז אַ צייט אויף אָננעמען זיך מיט זאַפּאַס אויף קומענדיקע יאָרן.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלאַך פאַרוואָס בא מענטשן זאָל זיך האָבן איינגעוואָרצלט אַזאַ טעאָריע דעמאָלט ווען זיי האָבן אָנגע־הויבן צו באַטראַכטן דערציאונג ווי עפּעס אַן אָפּגעזונדערטע אויפ־גאַבע, און האָבן געשאַפן ספּעציעלע אינסטיטוציעס און מענטשן כדי די דאָזיקע אויפגאַבע דורכצופירן. קודם כל איז דאָך אמת אַז די וועלט ווערט געפירט פון דערוואַקסענע מענטשן, ניט פון קינדער. ממילא דוכט זיך אויס, אַז בלויז דערוואַקסענע צוועקן זענען וויכ־טיק, בעת קינדער האָבן אין זינען בלויז „קינדערייען". דעריבער איז דאָך קלאָר, אַז אונזער עובדא דאַרף זיין אַריינצוברענגען צווישן קינדער וואָס מער אַזעלכע אַרבעטן וואָס שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער דערוואַקסענער וועלט, און באַזייטיקן וואָס מער זייערע עכט קינדערשע נייגונגען.

צווייטנס, זענען מענטשן צוגעוואוינט צום געדאַנק אַז אויב מען וויל עפּעס אויפטאָן דאַרפן די מיטלען דורך וועלכע מיר זוכן צו ווירקן האָבן דעם זעלביקן אויסזען ווי די רעזולטאַטן וואָס מיר

זוכן ארויסצוברענגען. פון דעם שטאַנדפּונקט קומט אויס, אַז אויב מיר ווילן אַז קינדער זאָלן זיין מאָראַליש דאַרף מען אין זיי ארייננגיסן מאָראַל, און אויב גיסן דירעקט קען מען ניט, דאַרף מען עס איבערגעבן דורך ווערטער. אויב מיר ווילן קינדער זאָלן קענען מאַטעמאַטיק דאַרף מען זיי לערנען רעכענען ווי אַ לימוד; אויב מיר ווילן זיי זאָלן קענען שפּראַך דאַרף מען זיי לערנען גראַמאַטיק, אויסלייגן, א. ד. ג. דאָס וועט אונז אויך דערקלערן פאַרוואָס בעת מיר גייען צו אַ דאָקטאָר ווילן מיר ער זאָל פאַרשרייבן אַ רעצעפּט, וואָרים אַ רעצעפּט ווערט באַטראַכט ווי עפּעס אַ זאַך וואָס האָט אין זיך „געזונט”. איז אויב מען גיסט אריין „געזונט” איז פאַראַן אַ האָפענונג אַז מען וועט זיך אויסקורירן, אָבער ווי קען מען ווערן געזונט ווען מען נעמט אין זיך ניט אריין קיין „געזונט”?

פאַר אַ קינדער־פּסיכאָלאָג וועט זיין גאַנץ פאַרשטענדלאַך צו זאָגן אַז קינדער דאַרפן זיך שפּילן כדי זיי זאָלן אויסוואַקסן אָרנט־לאַכע מענטשן, אָבער פאַר דעם זייטיקן מענטשן וועט עס אויסקוקן מאָדנע, ווייל שפּילעריי איז אין אויסזען לחלוטין ניט ענלאַך צו אָרנטלאַכקייט. אַזאַ מענטש וועט אָבער זייער גוט פאַרשטיין ווען מען וועט אים זאָגן אַז כדי קינדער זאָלן אויסוואַקסן אָרנטלאַכע מענטשן דאַרף מען אין די שולן לערנען אָרנטלאַכקייט, מען דאַרף זיי הייסן זיין אָרנטלאַך, מען דאַרף זיי געבן „זאַפּאַס” אויף שפּע־טערדיקע צייטן.

אָט די „זאַפּאַס” טעאָריע, אָדער צוגרייטונג טעאָריע, איז שוין געווען גאַנץ שטאַרק באַפעסטיקט אין אַלטן גריכנלאַנד און אין רוים. איר העכסטן שפּיץ האָט זי אָבער דערגרייכט אין מיטלאַלטער. דעמאָלט איז די גאַנצע דערציאונג, דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטשן, באַטראַכט געוואָרן ווי אַ צוגרייטונג צו אַ „יענער וועלט”, צו אַ וועלט וואָס גייט נאָך ווייטער און העכער ווי געוויינטלאַכע דער־וואַקסנקייט. ווייטער קען מען שוין ניט גיין. דאָ האָט מען שוין אינגאַנצן ארויסגעוואָרפן די נאַטירלאַכע שפּייז וואָס זעטיקט אַ מאָמענטאַלן הונגער און עס איז בלויז געבליבן הוילער „זאַפּאַס”.

פּראָטעסטן אַנטקעגן אַזאַ זעלבסט־מערדערישער אויפפאַסונג

פון דערציאונג האָבן זיך שוין גאַנץ שטאַרק געהערט אין די צייטן פון דער רענעסאַנס. אַזעלכע שרייבער ווי מאָנטעין און ראַבלעי האָבן גאַנץ בולט אונטערשטראָכן די שייכות צווישן דערציאונג און די לעבעדיקע אינטערעסן פון דער וועלט. אָבער די עצם פּראָבלעם האָבן זיי אייגנטלאַך ניט געזען, ניט געקענט זען אין אַ צייט ווען עס האָט נאָך קיין וויסנשאַפטלאַכע קינדער־פּסיכאָלאָגיע ניט עקזיסטירט.

קלאָרע און שאַרפע דיבורים וועגן דעם ענין הערט מען ערשט פון איינעם פון די שאַרפסטע מוחות אין דערציאונג. דאָס איז זשאַן זשאַק רוסאָ. רוסאָ האַלט אַז: „אויב מען וועט קינדער ניט הייסן טאָן קיין זאַך בלויז כדי זיי זאָלן פאָלגן, קומט אויס אַז זיי וועלן לערנען בלויז דאָס וואָס נאָך זייער פאַרשטאַנד האָט אַ רעאַלן און דירעקטן ווערט, צוליב נוצן אָדער פאַרגעניגן. וואָסער אַנדער מאָטיוו קענען מיר האָבן אין לערנען? . . . די נאַטור וויל אַז קינדער זאָלן זיין קינדער איידער זיי ווערן דערוואַקסענע. אויב מיר וועלן איבערקערן די דאָזיקע אָרדענונג . . . וועלן מיר האָבן יונגע דאָקטוירים און אַלטע קינדער. די קינדהייט האָט אירע אייגענע וועגן פון זען, דענקען און פילן. איך ריכט זיך ניט מער אויף אורטייל־קראַפט אין אַ צען־יעריק אינגל ווי דערויף אַז ער זאָל זיין פינף פוס הויך . . . קינדער טראַכטן תמיד פון דער איצטיקער צייט . . . נאָך אַ פעלער איז צו ציען זייער אויפמערקזאַמקייט צו זאַכן וואָס אינטערעסירן זיי אַ האָר ניט, ווי למשל זייערע צוקינפטיקע אינטערעסן, זייער גליק ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, די מיינונג וואָס מענטשן וועלן האָבן וועגן זיי ווען זיי וועלן זיין גרויס — טערמינען וואָס זענען לחלוטין זינלאָז ווען מען ווענדט זיי אָן אויף מענטשן וואָס קענען ניט פאָראויסזען". די גאַנצע אַרבעט פון אַלע וויכטיקסטע עקספּערימענטאַלע שולן אין דער וועלט איז פּאַקטיש איין גרויסער פאַרזוך צו פאַרווירקלאַכן די דאָזיקע און ענלאַכע רייד פון זשאַן זשאַק רוסאָ.

מען מוז צוגעבן אַז באַם איצטיקן צושטאַנד פון שול־טעכניק איז נאָך ניט אַזוי לייכט צו באַקענען קינדער מיט די עלעמענטאַרע

טיילן פון דער היינטיקער פאַרצווייגטער און דיק־באוואַקסענער מענטשלאַכער קולטור בלויז דורך אָרגאַניזירן זייערע מאָמענטאַלע נויטן. אָבער דערצו שטרעבט יעדע מאָדערן־אוועקגעשטעלטע שול. ווארים עס איז איצט שוין קלאָר אַז די „זאַפּאַס" טעאָריע, די טעאָריע וואָס האַלט אַז דערציאונג דאַרף בלויז האָבן אין אויג דעם דערוואַקסענעם מענטשן, און קינדער זענען בלויז אויף אַזוי פיל וויכטיק אויף וויפיל עס וועלן פון זיי ווערן דערוואַקסענע מענטשן, אָט די טעאָריע פירט צו די שעדלאַכסטע רעזולטאַטן ווען זי דיקטירט די טעטיקייט אין אַ דערציאונג אינסטיטוציע. אַ גוטע שול קען בלויז געבויט ווערן אויף דער איבערצייגונג, אַז אַ גוט אנטוויקלטע, קינדיש־אָריענטירטע קינדהייט איז די זיכערסטע און די איינציקע גאַראַנטיע פאַר ארויסברענגען די בעסטע פּאָטענציעלע כוחות אין דערוואַקסענעם לעבן. אַ שול איז די קולטורעלע פאַרטרעטערן פון אַלע ארומיקע ווירקונגען וואָס באאיינפלוסן קינדער אין זייער קינדהייט. אמת, דאָס אַרומיקע לעבן וואָר רינגלט ארום דאָס קינד אין משך פון דער גאַנצער צייט וואָס ציט זיך ביז דערוואַקסנקייט, אָט די ווירקונגען שפּילן אַן אומגעהייערע ראָלע אין דערציאונג. אָבער דאָס הייסט בלויז אַז די שול איז ווייט ניט דער איינציקער פאַקטאָר אין דער קינדער וועלט, וואָס דאָס דאַרף מען תמיד אין זינען האָבן אין דערציאונג.

דער געדאַנק אַז די אויפגאַבע פון אַ שול איז צוצוגרייטן קינדער צום דערוואַקסענעם לעבן האָט אין פריערדיקע צייטן געפירט דערצו מען זאָל אָנפילן די לערן־פּראָגראַם מיט טויטע שפּראַכן, מיט אַ געשיכטע וואָס באַשטייט פון נעמען, דאַטעס, שלאַכטן, א. ד. ג., מיט מאַטעמאַטישע לימודים וואָס זענען אינגאַנצן ניט נייטיק, מיט לייענען מעשיות און פאַבלען בלויז דערפאַר ווייל עפּעס אַ מוסר השכל האָט געטריפט פון יעדן וואָרט. אין דער אידישער וועלט האָט דער דאָזיקער געדאַנק געפירט צו רעליגיעזער, נאַציאָנאַליסטישער, ציוניסטישער און סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע מיט דער כאַראַקטעריסטישער שטעכיקייט און פאַנאַטיזם פון דערוואַקסענער איינזייטיקייט.

דאַרף אַ שול נ י ט צוגרייטן צום דערוואַקסענעם לעבן? אַ גרויס אומרעכט וואָלט מען אַנטקעגן מיר באַגאַנגען ווען מען זאָל מיינע ווערטער אַזוי אויסטייטשן. פּונקט פאַרקערט, מיין טענה איז אַז צוגעגרייטקייט איז אַ נאַטירלאַכער פּועל יוצא פון אַ שול וואָס האָט בלויז אין זינען די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער קינד־הייט. טאָמער שטעלט מען זיך אַ ספּעציעלן צוועק צוצוגרייטן פאַר עפּעס וואָס דאַרף קומען שפּעטער, דעמאָלט שאַפן מיר בלויז מיטלען צו באַפרידיקן דערוואַקסענע לערער וואָס האַלטן זייער שטאַרק פון'ם „זאַפּאַס" וואָס זיי ווילן געבן אָן שום שייכות צום איצטיקן לעבן פון קינד. דאָס פאַרהאַלט דעם קינד'ס וואוקס, און די „צוגרייטונג" ווערט סיי ווי ניט דערגרייכט. אַ נאָרמאַלער מענטש עסט ניט כדי ער זאָל זיין געזונט, נאָר כדי ער זאָל זיין זאַט. אָבער בלויז דאָס לעצטע גרייט באמת צו אַ געזונטן אָרגאַניזם, בעת דאָס ערשטע — דאָס שטענדיקע אין זינען האָבן באם עסן דאָס געזונט ווי אַ ווייטערן צוועק — מאַכט פון אַ מענטשן אַ קרענקלאַכן מפונק, וואָס האַלט זיך אין איין דאָקטירן. אין אַזעלכע ענינים מוז „צו־גרייטונג" תמיד זיין אַ נאַטירלאַכער פּועל יוצא, אָבער קיינמאָל ניט קיין סבה.

פּונקט דאָס זעלביקע קומט פאָר אין דערציאונג. קינדער וואַקסן פיזיש ניט דערפאַר ווייל מיר גיסן אין זיי אריין אַ ספּעציעלן וואַקס־רעצעפּט, און מען דאַרף זיי אויך ניט אויסציען כדי זיי זאָלן ווערן גרעסער. דער פיזישער וואוקס פון קינדער איז אַ נאַטיר־לאַכער פּועל יוצא פון באַפרידיקן א י צ ט י ק ע נויטן. דאָ רעדט זיך אינגאַנצן ניט וועגן מעטאָדן וועגן פרייער אָדער געצוואונגענער טעטיקייט, וואָרים איינגעבן אַ מעדיצין איבערגעוואָלט איז אויך אַ באַפרידיקונג פון אָן א י צ ט י ק ע ר נויט. אויך פּסיכישער וואוקס הענגט אָפּ פון באַפרידיקן א י צ ט י ק ע גייסטיקע, אָדער קולטורעלע נויטן. און די אויפגאַבע פון אַ שול איז אויסצוגעפינען די בעסטע מיטלען ווי אַזוי דאָס צו טאָן. אָבער וואָסער שייכות האָט דאָס אַלץ צו דער מאָדערנער אידישער שול? מיר וועלן באַלד זען.

## 3

# די אידיש־וועלטלאַכע שול.

דער געדאַנק אַז די עובדא פון דער שול איז צוצוגרייטן קינדער צום דערוואַקסענעם לעבן האָט אונז געבראַכט אין דער־ציאונג צו זייער א סך טעות׳ן פון וועלכע מען זוכט זיך וואָס מער צו באַפרייען. אַזוי, למשל, האָבן מיר שוין עטלאַכע הונ־דערט יאָר צייט געהערט דאָס געשריי אַז מען דאַרף אַנטוויקלען באַ די קינדער זייערע חושים, וואָרים אויב באַ בלינדע זענען די שפּיץ־פינגער באַזונדערס פיין אַנטוויקלט, פאַרוואָס זאָל דאָס זעלביקע ניט זיין מעגלאַך ביי זעענדיקע? און פאַרוואָס זאָל דאָס זעלביקע ניט זיין אמת בנוגע אויגן, אויערן א. א. וו.? לאָ־מיר, הייסט עס, דורך אויסגעטראַכטע מיטלען פּרובירן צו ברענגען די חושים צו העכערע מדרגות, פאַרלאָזן זיך אויפ׳ן לעבן אַליין איז א צו פּאַמעלאַכער און אומזיכערער פּראָצעס. מענטשן האָבן קיין צייט ניט און האָבן ווינציק צוטרוי צום נאַטירלאַכן אויס־לעבן זיך פון לעבעדיקע פונקציעס. א חוץ דעם האָבן מיר א חוצפּה׳דיקן גלויבן אין די אייגענע כוחות גראָד דאָרט וואו מיר ווייסן צום ווינציקסטן.

איז געקומען דערצו, אַז אַן אָנגעזעענע פּערזענלאַכקייט אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט (מאַדאַם מאָנטעסאָרי) האָט גאַנץ נאַ־איוו אויסגעטראַכט א גאַנצע ריי אַפּאַראַטן אויף צו אַנטוויקלען די חושים ביי קליינע קינדער. דאָס לעבן, הייסט עס איז אומ־זיכער, אָבער אַפּאַראַטן — פיזישע זאַכן וואָס מען קען האַלטן אין דער האַנט — זיי זיינען דאָך דירעקטע מיטלען אויף צו באַ־ווייזן דאָס גרויסע וואונדער.

איצט זענען מיר שוין באַלד אַלע געקומען צום שכל. דאָס „גרויסע וואונדער” האָבן די אַפּאַראַטן ניט באַוויזן. עס איז פון זיי געוואָרן פּשוט׳ע שפּילצייג. די אמת׳ע אַנטוויקלונג פון חושים קומט פאָר דעמאָלט ווען מיר שטעלן זיך ניט קיין באַוואוסט־זיניקע צוועקן דאָס צו דערגרייכן. ווען קינדער לעבן אַקטיוו אין א רייכער פאַרשידנאַרטיקייט אַנטוויקלען זיך שוין די חושים

ממילא, און קיין שום ספּעציעלע קינסטלאַכע מיטלען זענען ניט נייטיק.

און וואָס הערט זיך מכוח ספּעציעלע פיזישע און גימנאַסטישע איבונגען פאַר קינדער אויף צו אַנטוויקלען די מוסקולען? פּונקט די זעלביקע מעשה. פון גימנאַסטיק איז געוואָרן ריטמישע שפּיל. אויף אַזוי ווייט איז דאָס שיין און אינטערעסאַנט. אָבער די מוסקולן ווערן צום בעסטן אַנטוויקלט פון גיין, שפּרינגען, לויפן, אַרבעטן **אין פאַרבינדונג מיט לעבעדיקע אינטערעסן** — אַלץ וואָס קינדער טוען ממילא ווען מען שטערט זיי גאָר ניט. דאָס זעלביקע איז אמת אפילו וועגן די פאָרמאַלע לימודים אין אַ שול, כאָטש דאָ איז שוין די לאַגע אַביסל אַנדערש. און דאָס, וואָס האָט געפירט צו טעות׳ן אין דערציאונג בכלל, האָט געפירט צו נאָך גרעסערע טעות׳ן אין אידישע דערציאונג.

אַלע אַרגומענטן וואָס זוכן צו באַרעכטיקן די עצם עקזיסטענץ פון דער אידיש־וועלטלאַכער שול זענען קראַנקע אַרגומענטן וואָס נעמען זיך פון דער קראַנקער לאַגע אין וועלכער מיר לעבן. ווען אַן איינצעלנער מענטש געפינט זיך הילפלאָז און פאַרלאָזן אין דער וועלט, און דערפילט אַז דראָענדיקע שטורעמס גרייטן זיך אויף אים, בליצן אויף אין זיין מוח געדאַנקען פון טויט, אָדער זעלבסטמאָרד. ער הייבט דעמאָלט אָן צו פילאָזאָפירן וועגן דעם רעכט און דעם זינען פון זיין לעבן. און ווען ער געפינט עפּעס אַ טעאָרעטישן שטיץ־פּונקט פאַר אָנהאַלטן זיין עקזיסטענץ, פרייט ער זיך מיט׳ן געדאַנק. ער דערפילט זיך אַ גערעטעטער. אָבער מען דאַרף דאָך קיין פּסיכאָלאָג ניט זיין צו פאַרשטיין אַז ניט זיין טעאָריע איז די סיבה פון דעם וואָס ער בלייבט לעבן. עס זענען פאַראַנען טיפערע שטראָמען אין זיין טבע וואָס הערן ניט אויף צו ברומען אין זיינע אויערן: לעב, לעב, לעב. אָט די שטראָמען זענען ניט בלויז דער אמת׳ער שטיץ־פּונקט פון זיין לעבן, נאָר אפילו פון דער טעאָריע צו וועלכער ער האָט זיך דערטראַכט, כדי זיין לעבן צו באַרעכטיקן מיט׳ן שכל. זיינע טעאָריעס, זיינע אַרגומענטן זענען דעריבער ניט

קיין סיבה פון לעבן נאָר סימפּטאָמען פון א קראַנק געמיט.

ווען די אידישע שול־דערציאונג וואָלט דורכגעגאנגען א נאָר־מאַלע, לאנגזאמע, כסדר׳דיקע אנטוויקלונג, וואָלט גאָר קיינמאָל ניט אויפגעשוואומען די פראגע וועגן איר עקזיסטענץ־בארעכטי־קונג. דעמאָלט וואָלט ביי אונז, פּונקט ווי ביי אנדערע פעל־קער, פאָרגעקומען א כסדר׳דיקע פארוועלטלאכונג פון׳ם אידישן לעבן, וואָס וואָלט ממילא ארויסגערופן אן ענלאכן פּראָצעס אין דער שול. דעמאָלט וואָלט אידיש געוואָרן דער שפּראכלאכער אינ־סטרומענט אין דער בילדונג פון אונזערע קינדער. די אידישע געשיכטע, ווען קינדער קענען שוין לערנען געשיכטע, וואָלט אי־בערגעגעבן געוואָרן אין גייסט פון מאָדערנע וויסנשאפטלאכע פאָרשונגען. די אידישע ליטעראטור און קונסט וואָלטן פאר־נומען זייער פארדינטן פלאץ אין דעם גייסטיקן וואוקס פון אונ־זערע קינדער. און אזוי אויך מיט אלע איבעריקע ענינים, וואָס געהערן צו א היינט־וועלטיקער שול.

פארשטייט זיך, אז דאָס וואָלט פאָרגעקומען ביסלאכווייז, פּא־מעלאך, פּונקט ווי עס איז פאָרגעקומען ביי אנדערע פעלקער, און האנט אין האנט מיט דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פון׳ם אידישן קולטור־לעבן בכלל. דעמאָלט וואָלט אונזער וועלטלאכע שול אומבאמערקבאר ארייַנגעוואקסן אין דעם אידישן אָרגאני־זירטן, אינסטיטוציאָנעלן לעבן מיט דער נויטווענדיקייט פון א נאטירלאכן פּראָצעס. זי וואָלט געווען אן אָרגאניזירטער אויס־דרוק פון א שארף־געפורעמטער אָרגאניזירטער געזעלשאפט. ליי־דער איז עס אָבער אזוי ניט פאָרגעקומען. און דערפון נעמען זיך א סך קרענקלאכע קשיות און נאָך קרענקלאכערע תירוצים.

די אידיש־וועלטלאכע סביבה איז געבאָרן געוואָרן אין צייטן פון גרויסע קאטאסטראָפעס, סיי אין דער וועלט בכלל, סיי אין דער אידישער וועלט בפרט. איר דערשיינען אין אונזער לעבן איז פאָרגעקומען פּלוצלונג, ווי אן ערד־ציטערניש, און זי האָט נאָך ביז איצט קיין שטילע רגע ניט געהאט צו צאמען איר אויס־דרוק אין באשטימטע פאָרמען, אן ארבעט וואָס קען געטאָן ווערן בלויז אין מאָמענטן פון פּסיכישער רו און אינטעלעקטועלן ישוב

הדעת. די אידיש־וועלטלאַכע סביבה איז צעפּיצלט, צעשוואומען, אין איין לאַנד מער, אין אַן אַנדערן ווינציקער, אָבער איר איז נאָך אַלץ ניט געלונגען צו געפינען איר אייגענעם תוך און אים דערפירן צו העכערע מדרגות, אינ'ם תוהו ובוהו אין וועלכן זי איז געבאָרן געוואָרן און לעבט נאָך עד היום.

אפילו די אַרבעטער פּאַרטייען, די פעסט אָרגאַניזירטע טייל פון אָט דער סביבה, איז נאָך אויך דאָס ניט געלונגען. זיי האָבן געשאַפן פיינע טעכנישע אַפּאַראַטן, האָבן זייער פיל דערגרייכט אויפ'ן פעלד פון סאָציאַלער און פּאָליטישער אָריענטאַציע, אָבער זיי זענען קיין אמת'ע קולטורעלע איינקייט ניט געווארן וואָס זאָל זיך אויסדריקן אינ'ם פּריוואַטן און געזעלשאַפטלאַכן לעבן פון יעדן מיטגליד, אַזוי ווי מיר געפינען עס אין דער אידישער רעליגיעזער סביבה, אָדער אין דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער סביבה פון אַנדערע פעלקער. די קולטור ליגעס וואָס האָבן זיך געשאַפן אויף יענער זייט ים נאָך דער מלחמה, זיינען אייגנטלאַך געווען אַ פּאַרזוך אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג, אָבער ווי עס ווייזט אויס איז דער פּאַרזוך געמאַכט געוואָרן צו פרי. פון אָט דער צעשוואומענקייט און אומבאַשטימטקייט ליידט אָן אַ שיעור די גאַנצע אידיש־וועלטלאַכע סביבה. דאָס האַלט זי אין די שטורעמ־דיקע אָרעמס פון מורא און כעס. די שרעקלאַכסטע פּראָדוקטן פון יעדער סאָציאַלער קאַטאַסטראָפע.

אָבער מורא און כעס, כאָטש זיי האָבן אויך זייער באַרעכ־טיקטן פּלאַץ אין קאָנסטרוקטיווער אַרבעט, גיבן זיי אָבער בשום אופן ניט די פּסיכישע רו און דעם אינטעלעקטועלן ישוב הדעת, וואָס אָן דעם קען מען זיך ניט באַגיין אין קולטור אַרבעט. אויך אין דער אַנטוויקלונג פון אידישער שול־דערציאונג טרעפן מיר אָן דעם שאָדן פון מורא און כעס. די מורא טרייבט אַ סך אידיש־וועלטלאַכע מענטשן צו רעליגיעזע דערציאונג־אינסטיטו־ציעס און צו העברייאיש, און דער כעס טרייבט צו איגנאָרירן אָדער צעברעכן אַלץ וואָס איז געווען אַמאָל, עפּעס אַזוי ווי „אַמאָלקייט" וואָלט אין זיך אַליין געווען אַ זינד וואָס מען טאָר ניט פאַרגעבן. דאָס איז דיזעלביקע מורא וואָס טרייבט קינדער

צו באַהאַלטן דעם קאָפּ אונטער אַ פּוכיקן קישן, און זיי מיינען אַז דאָס וואָס זיי קענען יענעם ניט זען קען שוין יענער אויך זיי ניט זען. און דאָס איז דער זעלביקער כעס וואָס טרייבט אַן אויפגערעגטן מאַן צו צעברעכן דאָס געפעס, ווען ער קומט אַהיים און די וועטשערע איז ניט פאַרטיק. ער פאַרגעסט, אַז ווען דאָס עסן וועט שוין יאָ פאַרטיק ווערן, וועט דערווייל ניט זיין אין וואָס עס אים צו דערלאַנגען.

אָבער אין ביידע פאַלן פּלאָנטערט זיך אַלץ די דערציערישע אומגליקלאַכע טעאָריע, אַז די עובדא פון דער שול איז באַוואוסטזיניק צוצופּאַסן דאָס קינד צום דערוואַקסענעם לעבן, און אַז דאָס דאַרף זיך אויסדריקן דערין, וואָס מען וועט אונטערשטרייכן אין שול־אַרבעט אַזעלכע מאָמענטען וואָס שפּילן אַ ראָלע צווישן דערוואַקסענע, כאָטש זיי האָבן ווינציק וואָס צו טאָן אין די קינדער־יאָרן.

ווען, למשל, אַזאַ שרייבער ווי ש. ראָזענפעלד, טרעט אַרויס קעגן דער אידיש־וועלטלאַכער שול, וואָס זענען זיינע אַרגומענטן? ער טענה'ט, אַז דאָס פאָלק, ווי יעדער סאָציאַלער אָרגאַניזם, טוט אַלץ כדי אויפצוהאַלטן זיין גאַנצקייט אין דער וועלט. אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט דאָס פאַר אונז געטאָן דער חדר אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן. ווי קען מען איצט דאָס בייטן, בעת די נייע דערציאונג אינסטיטוציע האָט נאָך ניט באַוויזן קיין שום היסטאָרישע פאַרדינסטן? נו, און ווי וועט זיין, אַז זי וועט דורכפאַלן? ווי קען מען איינשטעלן דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פאָלק אויף אַן עקספּערימענט?

די הויפּט שוואַכקייט פון אָט די טענות ליגט אין דער עצם אויפפאַסונג פונ'ם ענין שול, אַ שוואַכקייט אויף וועלכער איך האָב שוין אַזוי פיל אָנגעוויזן, דאָס איז דער אַלטער בליק וועגן דעם צוועק פון אַ שול. דער חדר האָט ניט געשאַפן דאָס אידישע לעבן, און פּונקט אַזוי ווינציק עס אויפגעהאַלטן, נאָר די כוחות וואָס האָבן געווירקט אינ'ם אויפהאַלט פונ'ם אידישן לעבן האָבן אונז געגעבן חדרים. דער חדר איז געווען אַ דירעקטע אָפּשפּיגלונג פונ'ם גאַנצן איינהייטלאַכן אידישן לעבן פון יענער צייט,

וואָרים אַ שול איז קודם כל אַ פּועל יוצא פון אַ לעבן — ניט קיין סיבה — און זי איז, און קען בלויז זיין, אין אַלע פּרטים ענלאַך צום לעבן, וואָס האָט זי ארויסגערופן. ערשט שפּעטער קען אָט דער פּועל יוצא ווערן אַ ווייטערדיקע סיבה אין פאַר־שטאַרקן און אַנטוויקלען דאָס דאָזיקע לעבן פון וועלכן ער קומט ארויס.

די אַמאָליקע רעליגיעזע אידישקייט האָט ניט געשאַפן דעם חדר מיט'ן צוועק אויפצוהאַלטן די אַלטע אידישקייט, נאָר די אַלטע אידישקייט האָט ארויסגעבראַכט דעם חדר, ווייל יעדע מענטשלאַכע קולטור־פאָרם מוז ארויסברענגען דערציאונג אינ־סטיטוציעס, און זי קען ניט ארויסברענגען קיין אַנדערע דער־ציאונג־אינסטיטוציעס ווי נאָר אַזעלכע, וואָס זענען ענלאַך צו איר אַליין. דאָס איז אויך אמת וועגן דער אידיש־וועלטלאַכער שול. ניט קיין עקספּערימענט אין דערציאונג וואָס עמיצער האָט באַוואוסטזיניק אָוועקגעשטעלט כדי צו שאַפן אָדער אויפצו־האַלטן אַ אידיש־וועלטלאַכע סביבה, נאָר די כוחות וואָס ווירקן און ברענגען צום אויפהאַלט פון דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה האָבן ארויסגערופן צום לעבן די אידיש־וועלטלאַכע שול. די אידיש־וועלטלאַכע שול האָט ניט באַשלאָסן, אַז דאַווענען טויג ניט אין דערציאונג, און דעריבער עס ניט אריינגענומען אין איר פּראָגראַם. ניין, די אידיש־וועלטלאַכע שול שטאַמט אָפּ פון אַ ניט־דאַווענענדיקער סביבה און לעבט אין אַ ניט־דאַווענענדיקער וועלט. ממילא האָט איר גאָרניט געקענט אפילו איינפאַלן זיך צו באַנוצן מיט אַזאַ לימוד פאַר אירע קינדער.

די אידיש־וועלטלאַכע שול איז געוואָרן אַ ליבע היים פאַר דער אידישער ליטעראַטור, ווייל די אידישע ליטעראַטור איז אַ אידיש־וועלטלאַכער פּראָדוקט, ווייל די אידישע ליטעראַטור איז ביז איצט אפשר דאָס גרעסטע קינד פון דער אידיש־וועלט־לאַכער סביבה. די ווירקונג פון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור אויף דערציאונג איז אומגעהייער. זי קאָמבינירט אין זיך דאָס נאַציאָנאַלע, דאָס אַלגעמיין סאָציאַלע, דאָס עטישע, דאָס עסטע־טישע און דאָס קולטורעל־שפּראַכלאַכע אין אַזאַ פיינעם געוועב

אז יעדע איינזייטיקייט, וואָס שטאַמט אָפּ פון דער סביבה, באַ־קומט אַ ברייטערע, אַ שענערע און אַ מענטשלאַכערע אויסטיי־טשונג. פאַרוואָס ווערט די אידישע ליטעראַטור ניט אריינגעלאָזן אינם חדר? איז דאָס צוליב דעם וואָס מען האָט מורא פאַר אַ נייעם עקספּערימענט? דאָס קען דאָך ניט זיין, ווייל די נאַ־ציאָנאַלע ליטעראַטור האָט שוין געפונען איר באַרעכטיקונג אין משך פון טויזנטער יאָרן באַ אַלע פעלקער פון דער וועלט. ניין, ניט דאָס איז די סיבה. די אידישע ליטעראַטור איז ניט איינגע־שפּונען אינם געוועב פונם אידישן רעליגיעזן לעבן, ממילא קען זי ניט ווערן קיין טייל פון דער שול וואָס דאָס דאָזיקע לעבן בויט אויף.

עפּעס ענלאַכעס דערצו קען געזאָגט ווערן וועגן דער אידי־שער געשיכטע. שוין טויזנטער יאָרן ווי אידן פאַרמאָגן דער־ציאונג־אינסטיטוציעס, און ערשט איצט קומט אונז אוים מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג צו שאַפן אַ פאַסיקע מעגלאַכקייט פאַר'ן אידישן קינד אריינצוטרעטן אין דער רייכער און פאַר־צווייגטער וועלט פון אידישן היסטאָרישן לעבן. געשיכטע איז אין דער ערשטער ליניע אן ענטפער אויף די נאַטירלאַכע פראַגן וועגן אָפּשטאַם — וועגן דעם אָפּשטאַם פון אַלץ אין דער וועלט— מיט וואָס קליינע קינדער פאַרמאַטערן זייערע עלטערן און לערער. אין דער גאָר יונגער קינדהייט דריקט זיך אוים „געשיכטע" אין פאַרשידענע אַנעקדאָטישע דערציילונגען און פאָלק־מעשות וואָס דערקלערן די פּרטים פון נאַציאָנאַלן און אַלגעמיין־מענטשלאַכן אָפּשטאַם אויף אזא'ן אופן אז עס זאָל זיך לייגן אויפן שכל פון קליינע קינדער. שפּעטער דריקט זיך שוין אוים געשיכטע אין פאַנאַנדערלייגן די פאַרשידענע סאָציאַלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמי־שע, טעכנישע, געאָגראַפישע, קלימאַטישע, קולטורעלע און אנדערע סיבות פון היסטאָרישער אנטוויקלונג.

אין אַ רעליגיעזער, ריכטיקער, אַלט־רעליגיעזער סביבה ווערן דאָך, מילד גערעדט, ניט שטאַרק דערמוטיקט די פראַגעס וועגן אָפּשטאַם. אחוץ דעם איז דאָך דאָרט אויף אַלע אַזעלכע קשיות פאַראַן בלויז איין תירוץ. בנוגע היסטאָרישער אנטוויקלונג, איז

דאָס בכלל א נייער געדאנק און האָט קיין שום צוטריט ניט גע־קענט האָבן אין דער אלט־רעליגיעזער סביבה. אזוי איז אויסגע־פאלן אויף דער אידיש־וועלטלאכער סביבה די גרויסע, פאראנט־וואָרטלאכע און דאנקבארע מיסיע אריינצוברענגען אונזערע קינ־דער אין א וועלט וואָס איז תמיד געווען אזוי נאָענט זייער הארץ און אַזוי פרעמד זייער שכל. דאָס איז אַ גרויסע נאַציאָנאַלע ארבעט, ניט ווייל דער לערער שטעלט זיך אזא צוועק, נאָר ווייל דאָס איז א ממילא'דיקער פּועל יוצא פון אריינדרינגען אין דער טיפעניש פון אַ לעבן. יעדער עטנאָלאָג וואָס שטודירט, פאָרשט און גראָבט זיך טיף אריין אינ'ם לעבן פון א פרימיטיוון שבט, קערט זיך אום פון אים ניט בלויז מיט וויסן נאָר אויך מיט פאר־ליבטקייט, כאָטש דאָס לעצטע איז באין אופן ניט געווען זיין צוועק. און וואָלט א געשיכטע לערער זיך יאָ געשטעלט אזא צוועק, דעמאָלט וואָלט ער אומבאוואוסטזיניק געצוואונגען געוואָרן צו זיין איינזייטיק און צו פאלסיפיצירן פאקטן. און דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע זינד אנטקעגן דעם גייסט פון דער אידיש־וועלט־לאכער סביבה וואָס האלט זיך אין פאָרמירן. ווען דער צוועק פון אידישער ליטעראטור איז ניט אידישקייט נאָר ליטעראטור, און ווען דער צוועק פון אידישער געשיכטע איז ניט אידישקייט נאָר געשיכטע, דעמאָלט ווערט געבוירן די געזינטסטע, נאָרמאַל־סטע אָנגעהעריקייט צו דער עטנישער אייגנארט וואָס ווערט באַ־האנדלט אין אָט דער ליטעראַטור און געשיכטע.

א ברייטער וויסנשאַפטלאכער בליק גראָד אויף אזעלכע ענינים פאר וועלכע מיר טראָגן אן איינגעגעזעסע ווארימקייט אין הארצן באפרייט אונז, ערשטנס, פון נאציאָנאַלער ענגהערציקייט וואָס אין אן אומגליק אין דער איצטיקער וועלט, און פון דער אַנדער זייט שאַפט עס א לויטערע צוגעבונדנקייט צו די גרויסע אידעאַלן און אמת'ן וואָס יעדע קולטור שאַפונג פארמאָגט. דאָס מוז זיין דער וועג פון דער אידיש־וועלטלאכער שול, ווייל דאָס איז דער וועג פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה. און א וועג איז עס א ברייטער, א ליכטיקער, וואָס איז בכוח צו וועקן און צו באַגייסטערן.

וואָס מער מיר טראַכטן פון די שאַפונגען פון דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ, אַלץ מער זען מיר די טיפערע מעגלאַכקייטן פון דער אידיש־וועלטלאַכער שול. ווען מען הערט זיך צו צו די פאָלק־מעשות און לידער וואָס צינדן אָן מיט אַזוי פיל ליבע די הערצער פון אונזערע קינדער אין די שולן, אַלץ מער וואונדערט מען זיך, ווי האָט עס געקענט אמאָל זיין אַ אידישע דערציאונג אָן דעם אַלעם? און דאָס איז דאָך אָן אַרבעט וואָס מיר האָבן ערשט אָנגעהויבן. וויפיל כוחות מען האָט עס אָוועקגעגעבן צו זאַמלען דאָס אַלץ. וויפיל טיפע האַרציקע באַציאונג צו אידישע קולטור אוצרות אַזא אַרבעט האָט געפאָדערט. און מיט וואָסער באַגייסטערונג און אי־בערגעבנקייט מען האָט בא אונז זיך געגראָבן אין די טיפענישן פון אונזער שפּראַך וואָס איז ביז איצט געווען אַזוי פאַרווילדע־וועט. שרעקלאַך זענען געווען די באַדינגונגען אונטער וועלכע די דאָזיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן, און דאָך וויפיל אוצרות עס האָבן זיך שוין אָנגעזאַמלט.

דאָס איז געווען אַ גרויסע געבענטשטע אַרבעט וואָס גיט איצט זאַפט און קראַפט אונזערע שולן. אָבער גוט איז אונז וואָס די דאָזיקע אַרבעט איז ניט געטאָן געוואָרן כדי צו פּראָ־פּאַגאַנדירן נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע אידייען. גוט איז אונז וואָס אָט די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט דער ליבע און איבערצייגונג אין איר אינווייניקסטן ווערט. דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַטייט אירער איז דערמיט בלויז פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט געוואָרן.

און ניט בלויז אַ א י ד י ש ע שול, אין ענגן, באַגרענעצטן זינען פון׳ם וואָרט, איז די מאָדערנע אידיש־וועלטלאַכע שול. די אידיש־וועלטלאַכע סביבה קען מער ניט לעבן צווישן די פאַר־גליווערטע געטאָ מויערן וואו דער אידישער אינהאַלט לעבט פון זייגן דעם אייגענעם פינגער, און די גרויסע וועלט איז עפעס אַ פרעמדער ענין וועגן וועלכן בלויז אַ פאַראיינזאַמטער משכיל קען זיך פאַרגינען צו טראַכטן. אונזער לעבן, פילן מיר אויף שריט און טריט, איז דורכגעוועבט מיט אַלע גרויסע געזעלשאַפטלאַכע

פאַסירונגען, אידייען און שטרעבונגען וואָס באַוועגן זיך, גליען און לייכטן אין דער גרויסער, ברייטער, מענטשלאַכער וועלט. ממילא קען אויך אונזער שול ניט זיין קיין געטאָ שול, און ניט בלויז קיין וועלטלאַכע שול, נאָר אויך אַ וועלט־שול. אונזערע קינדער דאַרפן אין איר ניט בלויז זען דעם קולטור קרייז פון וועלכן זיי שטאַמען נאָר אויך די גרויסע, ברייטע וועלט פון וואַנען עס שטראָמט אונזער טרויער און וואו עס בליט אונזער האָפענונג. די אידיש־וועלטלאַכע שול איז אַ פּראָגרעסיווע שול — אינם זינען ווי איך האָב פריער דאָס וואָרט דעפינירט — ווייל פּראָגרעסיוו איז אויך די סביבה פון וואַנען אונזער שול ציט איר יניקה. ווען אונזערע קינדער דערפילן אַז אלץ מעג מען פרעגן, אלץ דאַרף מען וויסן, און קיין שום וועלט־אינטערעס טאָר אונז ניט זיין פרעמד, פאַרשווינדט שוין ממילא דער קינסטלאַכער ריס צווישן די פאַרשידענע דערשיינונגען אין דער וועלט, אידישע אָדער ניט אידישע, און אונזער שול — כאָטש איינגעפאַסט אין די ראַמען פון אידישער קולטור — ווערט אויף אַן אמת אַ א י ד י ש ־ ו ו ע ל ט ל א כ ע שול.

די שייכות צווישן דער אידיש־וועלטלאַכער שול און דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה ווערט ליידער צו אָפט איגנאָרירט אפילו פון אונזער אייגענעם עולם. מיר גראָבן דעם טונעל פון איין זייט, און מיר שענקען ניט אפילו די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט צו דעם וואָס עס טוט זיך אויף דער אַנדערער זייט. אָפטמאָל דוכט מיר, אַז שול־אַרבעט איז באַ אַ טייל פון אונז אַן אַקט פון שטילן דאָס געוויסן. אַ רעליגיעזער איד, וואָס האָט געמוזט אויפגעבן זיין רעליגיעזן אויפפיר צוליב די פּראַקטישע נויטן פון לעבן, שיקט זיין קינד אין אַ תלמוד תורה כדי צו פאַרזיכערן כאָטש דעם לעצטן וועג צו עולם הבא. ער אליין, טראַכט ער, איז שוין אַ פאַרפאַלענער, זאָל ער כאָטש זיין קינד ראַטעווען. איך האָב שטאַרק מורא, אַז אַזעלכע סאָציאַל־דעגענערירטע סימנים זעט מען טיילמאָל באַ אונז אויך. מען טראַכט זיך: מיר זענען שוין פאַרפאַלענע. דאָס וואָס די אידיש־וועלטלאַכע קולטור געפינט אַ שלעכטן, אָפט קאַריקאַטורישן, אויסדרוק אין אונזער לעבן,

וועלן מיר שוין לאָזן גיין ווי עס גייט. אָבער לאָמיר זען, אז די שולן, אונזערע קינדער זאָלן אָנפילן אונזער לעבן מיטן אינהאלט וואָס מיר קענען אים ניט געבן. זאָלן די קינדער טאָן די ארבעט וואָס בא יעדן נאָרמאַלן פאָלק טוען די דערוואקסענע. זאָלן זיי שאַפן און מיר וועלן זיך נאָכשלעפּן.

אָבער דאָס הייסט מאַכן דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. א שול קען ניט שאַפן דאָס וואָס ס'איז ניטאָ, זי קען בלויז זיין אן אויסדרוק פון דעם וואָס ס'איז פאַראַן. א שול קען בלויז זיין דער העכסטער און שענסטער אויסטייטשער פון די קולטור־מאָמענטן פון אונזער לעבן, אָבער קען זיי ניט שאַפן. די שול טעטיקייט מוז פירן דערצו אז די קינדער זאָל ירש'ענען דאָס וואָס איז באמת ווערטפול און לעבעדיק אין אונזער לעבן. אָבער עס דאַרף זיין ניט בלויז ווערטפול, נאָר אויך ל ע ב ע ד י ק. ווען מיר אליין וועלן, סיי אין אונזער פריוואטן סיי אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן, ניט אויסקריסטאַליזירן קיין קאָנקרעטע לעבנס־פאָרמען פאר דער אידיש־וועלטלאכער סביבה, דעמאָלט איז אונזער שול אין געפאר פארדארט און פארטריקנט צו ווערן, אזוי ווי די שולן אין רעפארמערישע טעמפּלען וואו פון אידישקייט ווערט סענטימענטאַלע פּראָפּאַגאַנדע, ווייל קיין אידיש לעבן איז ניטאָ. אָט די פּראָפּאַגאַנדע געפאר שטייט תמיד פאר א שול ווען זי האָט ניט ארום זיך קיין דערוואקסענע וועלט מיט אן אָרגאַניזירטן, קאָנקרעטיזירטן קולטור־אויסדרוק אין איר וואָך און אין איר יום טוב, אין איר היים און אין איר געזעלשאַפט.

מיר דאַרפן אָפּשאַפן די צעפלאָסנקייט פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה. מיר דאַרפן זי אָרגאַניזירן און דערמיט שטאַרקן און אנטוויקלען די כוחות וואָס דרימלען אין איר. אויב מיר טוען דאָס ניט, הייסט עס, אז מיר העלפן פאַר'סמ'ען דעם וואָרצל פונ'ם בוים אויף וועלכן עס וואַקסט די מאָדערנע אידישע שול. מיר האָבן ביז איצט געגראָבן דעם טונעל פון איין זייט — פון דער שול־זייט — און געבענטשט זאָלן זיין די הענט וואָס האָבן די ארבעט געטאָן. אָבער אינ'ם נאָמען פונ'ם אידישן קולטור־לעבן וואָס איז אונז אזוי טייער, לאָמיר אויך די אנדערע

זייט ניט פארגעסן: אן אָרגאניזירטע אידיש־וועלטלאכע סביבה פאר דער אָרגאניזירטער אידיש־וועלטלאכער שול.

.4

# דער לערער.

מיר איז שוין פריער אויסגעקומען פארבייגייענדיק אָנצוואוייזן אויף דער פאלשקייט פון'ם שטאַנדפונקט, אז דעם לערערס מיי־נונגען און געדאנקען וועגן פארשידענע פראגן אין דער וועלט שפילן א וויכטיקע ראָלע אין דערציאונג פון קינדער. דאָס איז אין דער אמת'ן א פארעלטערטער שטאַנדפונקט וואָס האָט שוין באקומען זיין טויט־קלאָפּ מיט הונדערט און פינף און זעכציק יאָר צוריק פֿון זשאַן זשאַק רוסאָ. אויב מען וואָלט היינטיקע צייטן יאָ געדארפט עפּעס טאָן, איז עס א פונקט פארקערטע אר־בעט; מען וואָלט געדארפט טעאָרעטיש באַפּעסטיקן די ראָלע פון'ם לערער אין דערציאונג, א ראָלע וואָס איז רעדוצירט גע־וואָרן כמעט ביז נישטיקייט אין א סך מאָדערנע עקספּערימענטאַ־לע שולן. עס איז דערגאנגען שוין אזוי ווייט, אז פלויד דעל אין זיין בוך איבער דערציאונג („ביסטו ווען געוועזן א קינד?") קומט צום שלום, אז אין דער שול פון דער צוקונפט וועט אין גאנצן קיין לערער ניט זיין. פארוואָס א מענטש ווי דעל זאָל קומען צו אזא מאָדנעם שלוס, אָדער פארוואָס אזא דערציערין ווי מאדאם מאָנטעסאָרי זאָל אין אירע קינדער־היימען בייטן דעם נאָמען „לערער" אויף „דירעקטאָר", אָדער פארוואָס אין געוויסע שולן וואו מען זוכט איינצופירן נייע זאכן זאָל מען מאכן פון'ם לערער עפּעס א מין זייטיקן צוקוקער, — דאָס אלץ וועט אונז קלאָר ווערן ווען מיר וועלן דעם ענין אביסל בעסער באטראכטן.

קודם כל דארפן מיר אין דעם זען א רעוואָלוציע אנטקעגן דער אלט־פרענקישער אויפפאסונג, אז דער לערער איז אלץ מיט אנאנדער, אן אויפפאסונג וואָס האָט געבראכט זייער א סך שאָדן. און רעוואָלוציעס האָבן בכלל א טבע צו זיין לכתחילה אזוי עקס־טרעם ווי ווייט עס לאָזט זיך נאָר. אָבער דער עיקר האָט דאָ

געשפּילט אַ ראָלע די טעאָריע, וועלכע רוסאָ האָט אזוי קלאָר פארמולירט אין זיין „עמיל”, און וועלכע האָט מיט איר איינפאכקייט און קלאָרקייט פארכאַפּט יעדן פּעדאַגאָגישן מח.

קינדער אנטוויקלען זיך, לויט רוסאָ׳ן, אין הסכם מיט שטענדיקע אינווייניקסטע געזעצן וואָס באהערשן זייער טבע. מען קען די דאָזיקע אנטוויקלונג ניט פארקירצן און ניט פארשנעלערן, ווייל דאָס וואָלט געהייסן זיך שטעלן אין וועג דעם פרייען גאנג פון דער נאַטור. „די נאַטור וויל, אַז קינדער זאָלן זיין קינדער איידער זיי ווערן דערוואַקסענע. אויב מיר וועלן איבערקערן די דאָזיקע אָרדנונג וועלן מיר ארויסברענגען געצוואונגענע פרוכט, אָן רייפקייט און אָן אַ טעם, פרוכט וואָס פוילן איידער זיי ווערן צייטיק... די קינדהייט האָט אירע אייגענע וועגן אין דענקען, זען און אין פילן”. רוסאָ קען ניט פארשטיין פארוואָס „איר האָט מורא צו זען ווי ער (דאָס קינד) פארשווענדט זיינע ערשטע יאָרן און טוט גאָרניט. וואָס, איז עס גאָרניט צו זיין גליקלאך? גאָרניט, צו שפּרינגען און לויפן דעם גאנצן טאָג? ער וועט שוין קיינמאָל ניט זיין אזוי פארנומען דאָס גאנצע לעבן... וואָס וואָלט איר געטראכט פון אַ מענטשן וואָס וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון שלאָפן כדי ער זאָל ניט פארשווענדן אַ טייל פון זיין לעבן?”.

איז אויב די געזעצן פון זיין אנטוויקלונג ליגן אין זיין טבע, דארף מען דאָך בלויז זען, אַז דאָס קינד זאָל ניט געשטערט ווערן אין זיין פרייער טעטיקייט, וועט ער שוין ממילא דורכגיין די נויטיקע מדרגות פון דער קינדהייט און אויף אַ נאַטירלאכן אופן צוקומען צו אַ נאָרמאלער, געזונטער דערוואַקסנקייט. דער לערער קען דאָ האָבן בלויז די עובדא אכטונג צו געבן, אַז קיין שטערעגישן זאָלן ניט פאָרקומען סיי מצד אים, דעם לערער, אליין, סיי מצד אנדערע, אָדער מצד דער סביבה. קיין פּאזיטיווע באַשטייערונג צום קינד׳ס דערציאונג קען ער ניט מאַכן. ער איז בלויז אַ מין „וועכטער באַ די טויערן”; ער דארף בלויז הערן, זען און שווייגן, ווייל מיט זיין פארלאנג צו לערנען קען ער אַ סך מער קאַליע מאַכן ווי העלפן. וואָרים לערנען קען בלויז דאָס קינד אין הסכם מיט געוויסע נאַטירלאכע געזעצן, אָבער דער

לערער, ווי א דערוואַקסענער מענטש, ווערט באַהערשט פון אנ־דערע געזעצן, ממילא קען דאָך זיין לערנען קיין האפט ניט האָבן, אָדער עס קאָן נאָך אָנטאָן שאָדן. מיט איין וואָרט, די דאָזיקע טעאָריע זאָגט: מישט זיך ניט אריין, לאָזט עס צו דער נאַטור.

אין די דאָזיקע געדאַנקען זענען פאַראַן אַ סך אמת׳ן וועלכע מען האָט גרויזאַם איגנאָרירט אין דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער דאָס ביסעלע פאַלשקייט וואָס זיי אנטהאַלטן האָט אָנגעטאָן ניט ווייניק שאָדן. קודם כל האָט נאָך קיינער ניט געוואַגט זיך צו לאָזן פירן פון אָט דער טעאָריע ביז׳ן לעצטן טראָט, ד. ה. באַזייטיקן דעם לערער פון דער שול. אפילו רוסאָ׳ס העלד, עמיל, ווערט סוף כל סוף אויך דערצויגן פון א לערער. און כאָטש לויט דער טעאָריע איז פשוט פאר׳ן לערער קיין פּלאַץ ניט פאַראַן אין דערציאונג, פונדעסטוועגן, אין דער פּראַקטיק, געפינט מען שוין עפּעס אַ פונקציע פאר׳ן לערער. עס זעט אויס ווי ער וואָלט זיך אריינגע׳גנב׳עט דורכ׳ן פענסטער, ווייל אין דער טעאָריע זענען אַלע טירן פאַרשלאָסן פאַר אים. איז עס טאַקע א היבש ביסל מאָדנע, ווען אין דער פּראַקטיק זעט אויס אַ שול אָן אַ לערער ווי אַ ווילדער אבסורד, און אין דער טעאָריע איז פאַר אים קיין פּלאַץ ניטאָ.

ווען מיר וועלן זיך אָבער צוקוקן צו דעם וואָס עס קומט ווירקלאַך פאָר אין לעבן, וועלן מיר איינזען פון וואַנען עס נעמט זיך די דערמאָנטע סתירה. קודם כל דאַרפן מיר געדענקען, אַז דער פּראָצעס פון דערציאונג איז מחייב אַז עס זאָלן עקזיסטירן שטענדיקע באַציאונגען צווישן די נײַ־געבוירענע דורות און זייערע עלטערן, דאָס איז אמת אפילו בא די העכערע חיות. דער פויגל בויט אַ נעסט און ברענגט עסן די קינדער אַזוי שנעל ווי זיי פּיקן זיך ארויס פון די אייער. די הון גייט ארום מיט אירע הינדעלאַך און איז צוגעבונדן צו זיין ווי אַ מאַמע דאַרף זיין. די קאַץ שפּילט זיך מיט אירע קינדער, און אַזוי כסדר. אין אַל־געמיין, וואָס העכער עס איז א באַשעפעניש אַלץ הילפלאָזער זענען די קינדער בעת זיי ווערן געבוירן, און אַלץ לענגער געדויערט בא זיי די צייט פון דער קינדהייט, דאָס הייסט אייגנטלאַך, אַז וואָס

העכער עס איז אַ באַשעפעניש, אַלץ מער נייטיקט עס זיך — נאָכ'ן געבוירן ווערן — אין הילף מצד די עלטערן, און דער באַגריף „עלטערן" נעמט אריין אין זיך, ערשטנס, עלטערקייט, ד. ה. מער דערפאַרונג, אַ סכום פון אָנגעזאַמלטע געוואוינהייטן, און אַ טיפע ליבע, אַ געפילפולע צוגעבונדנקייט צו די קינדער.

מענטשלאַכע קינדער ווערן געבוירן נאָך מער הילפלאָז ווי אַלע אנדערע באַשעפענישן, ממילא איז זייער קינדהייט צום לענגסטן, און זיי זענען מער פון אַלע אַנדערע אָנגעוויזן אויף די עלטערע וואָס ארום זיי. אָט דאָ זעט מען ארוים ווי פאַרפּירעריש עס קענען זיין אַזעלכע ווערטער ווי „אינווייניקסטע געזעצן", „נאַטירלאַכע אַנטוויקלונג" און „דער וועג פון דער נאַטור". עס מאַכט דעם איינדרוק אַזוי ווי די „נאַטור" וואָלט געלעגן פאַרשלאָסן אינ'ם קינד'ס אָרגאַניזם, און וואָלט גאָרניט געהאַט קיין שייכות צו דער דרויסנדיקער וועלט מיט אירע שטענדיקע ווירקונגען און קעגנווירקונגען. נאָך גרעסער ווערט דער טעות ווען מען פאַרגעסט אַז די טעטיקייט פון מענטשן ארום דעם קינד, און ספּעציעל פון די נאָענטסטע מענטשן, איז פונקט אַזוי אַ טייל פון דער נאַטור ווי אַלע אנדערע דערשיינונגען. ניין, אָט די לעבעדיקע מענטשלאַכע סביבה איז טאַקע אַ סך וויכטיקער אין דערציאונג ווי אַלע אַנדערע זאַכן אין דער וועלט.

די צאַרטקייט צו די קינדער און די זאָרג פאַר זייער לעבן איז איינס פון די אָנגעזעענסטע דערשיינונגען אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט, און דאָס איז אמת בנוגע די פּרימיטיווסטע שבטים פּונקט ווי בא די ציוויליזירטסטע פעלקער. אָבער וואָס הייסט צאַרטקייט? וואָס הייסט שפּילן זיך מיט קינדער און פאַרברענגען מיט זיי? איז דאָס בלויז אַן אויסדרוק פון ווייכע סענטימענטן? איז דאָס בלויז אַ מאָמענטאַלער געפיל־אויסגוס מצד דערוואַקסענע, וואָס האָט צום דערציאונג־פּראָצעס גופא קיין שום שייכות ניט? אַזוי וואָלט אייגנטלאַך געדאַרפט אויסקומען פון שטאַנדפּונקט פון אַ „נאַטור" וואָס ליגט, ווי עפּעס אַן אָפּגעזונדערטער מעכאַניזם, אין האַרצן פון די קינדער און אַרבעט פאַר זיך און אין זיך אַליין לויט אייגענע אינווייניקסטע געזעצן.

אָבער ווי שיקט זיך עס צו זאָגן, אַז ביאָלאָגיש זאָל הערשן אַן אומצערייסבארע פארבינדונג צווישן צוויי דורות (נעמט אוועק די עלטערע פארזארגער פון די נאָר־וואָס געבוירענע קינדער, מוזן זיי דאָך אונטערגיין) בעת דערציעריש זאָל צווישן זיי קיין שייכות ניט זיין? דאָס קען ניט זיין, און עס איז טאַקע ניט אזוי.

די זעלביקע נאַטור וואָס האָט באשאפן קינדער מיט געזעצן וואָס קאָנטראָלירן זייער וואוקס און אנטוויקלונג, האָט אויך אין אונז אריינגעגעבן דעם טיפן פארלאנג צו פארברענגען מיט זיי. אונזער פארברענגען מיט זיי איז אייגנטלאך א נאַטירלאכע באַדינגונג פאר זייער אנטוויקלונג, א געזעץ, פונקט ווי אלע אנדערע נאַטירלאכע געזעצן. אין אונזער פארברענגען מיט זיי איז ניט פאַראַן קיין געמאַכטקייט, און מיר טוען עס ניט צוליב צייט־פארטרייב, נאָר מיר האָבן דערפון א „נאַטירלאך" פארגעניגן פונקט ווי פון אלע אנדערע „נאַטירלאכע" נייגונגען.

און פארוואָס די נאַטור האָט עס אזוי געמאַכט איז ניט שווער צו פארשטיין. אנדערש וואָלט דאָך אוממעגלאך געווען, אַז די נייע דורות זאָלן אין משך פון דער קינדהייט דורכמאכן די גאנצע אנטוויקלונג, און דערגרייכן די מדרגה פון מאָדערנער מענטשלאכער דערוואקסנקייט. אין אונזער פארוויילן זיך מיט קינדער ווערן מיר אליין קינדער, אָבער דאָס איז א ג ע װ א ָ ר ע־ נ ע קינדהייט. מיר ברענגען ארויס קינדישע פיגורן אויף א ברייטן דערוואקסענעם הינטערגרונט, ווען מיר וויגן איין קליינע קינדער מיט א שלאָף־ליד שאפן מיר א לערן אטמאָספערע פון לי־טעראטור און מוזיק, אָבער אין קינדישע פיגורן, כאָטש זייערע שייכות'ן צום דערוואקסענעם ליטעראריש־מוזיקאלישן הינטער־גרונט איז זיכער פאראן, און אָט די שייכות'ן סטימולירן א ליטע־ראריש־מוזיקאלישן וואוקס. די דאָזיקע „געוואָרענע" קינדישקייט פון דערוואקסענע מענטשן אין דער קינדישער געזעלשאפט איז א נויטווענדיקע טייל פונ'ם גאנצן דערציערישן פראָצעס. עס גיט די קינדער א מעגלאכקייט צו קומען פנים אל פנים מיט ברייטע מוסטערן פון לעבן, כדי זיי זאָלן ניט בלויז קענען גדייען

נאָר אויך וואקסן. וואָלטן מענטשן געבוירן געוואָרן דערוואָקסע־נערהייט — ווי טייל חיות — וואָלטן מיר מסתמא קיין נייגונג ניט געהאט צו „מאכן זיך קינדיש". מיר האָבן אָבער יאָ אַזאַ נייגונג, ווייל בא אונז זענען פאראן קינדער און זיי דארפן דער־צויגן ווערן.

אין אונזער מאָדערנער ציוויליזאציע קענען אזעלכע פראָצעסן ניט אָנגיין אויף אן אומבאוואוסטזיניקן אופן. דאָס לעבן איז צו קאָמפּליצירט און צו פארצווייגט, און מיר מוזן אריינברענגען באוואוסטזיין און אָרדענונג אין אלץ וואָס מיר טוען. ממילא האָבן מיר געשאפן א ספּעציעלע אינסטיטוציע — די שול, און ספּעציעלע מענטשן — לערער, כדי דורכצופירן דעם דערציערישן פּראָצעס אין א פּלאנמעסיקן סדר. עס איז אָבער געווען גאנץ נאַטירלאך אז די לערער זאָלן לכתחילה פאלש אויפפאסן זייערע אויפגאבן, און אוועקשטעלן זייערע ידיעות, זייער וויסן און זיי־ערע מיינונגען אין צענטער פון זייער ארבעט, און ממילא איגנאָ־רירן די אינטימע פארבונדנקייט צווישן די צוויי דורות, וואָס דאָס דארף זיין דער עיקר. אויף אזא'ן אופן האָבן זיי, אָנשטאָט צו פארפיינערן זייער „געוואָרענע קינדישקייט" וואָס איז נייטיק און נאטירלאך, געזוכט ארויפצוצווינגען אויף די קינדער א „גע־וואָרענע דערוואקסנקייט", וואָס איז ניט נאטירלאך און שעדלאך.

די צרות צו וואָס דאָס האָט געפירט איז שוין אלעמען באַ־קאַנט, און אנטקעגן דעם האָט גאנץ ריכטיק פּראָטעסטירט יעדער גרויסער לערער, ווי קווינטיליאן, פּענעלאָן, קאָמעניוס, פּעסטאַ־לאָצי, און אנדערע. אָבער טייל פון זיי — ספּעציעל אונטער דער ווירקונג פון רוסאָ'ן — האָבן געמיינט אז דער לערער איז בכלל אַ ניט נייטיקער פאקטאָר אין דערציאונג, און דאָ איז געלעגן זייער גרויסער טעות. מיר דוכט, אז אָט דער טעות איז פאר־אנטוואָרטלאך פאר דעם טרויעריקן פאקט וואָס בעת אלע מאָדער־נע שול־רעפאָרמער שטעלן זיך כסדר אָפּ אויף טעאָריע און פּראַק־טיק פון נייע שולן, פארגעסן זיי כמעט אין גאנצן צו באהאנדלען די פּראָבלעמע פונ'ם נייעם לערער.

א לערער דארף קודם כל זיין אַ מענטש וואָס קען מיט זיך

פאַרשטעלן די שענסטע און וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער אינ־טימסטער קולטור־סביבה וואו דאָס קינד וואקסט און אנטוויקלט זיך, און דארף באזיצן דעם פארלאנג און די פייאיקייט אויסצו־לעבן אָט די מאָמענטן אין דער פאָרם פון קינדערשע פיגורן, און אין פארבינדונג מיט די קינדער אין זייער נאטירלאכער טעטיקייט אונטער זיין אויפזיכט. דאָס וואָס סיי דער לערער, סיי די קינ־דער שטאמען פון איין קולטור־צוויג, דאָס וואָסביידן פארבינדט סיי ווי סיי אַן עטנישע אייגנאַרט וואָס דריקט זיך אוים אפילו אין אונבאמערקבארע פּרטים פון טאָג־טעגלאכן לעבן, דאָס, און דאָס מער ווי אַלץ, מאכט מעגלאך אז צווישן זיי זאָל זיך איינ־שטעלן אַן אינטימע נאָענטקייט, א צענויפשמעלצונג פון אינטע־רעסן — א גאנצער דערציענדיקער פּראָצעס.

אַלע גרויסע לערער ווענן וועלכע עס דערציילט אונז די גע־שיכטע פון דערציאונג האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער פּראקטישער ארבעט מיט די אייגנשאפטן וואָס זענען נאָר וואָס דער־מאָנט געוואָרן. דער דאָזיקער שטאנדפונקט ווארפט אויך א באַ־זונדער ליכט אויף געוויסע טענדענצן אין מאָדערנער דערציאונג ווי בויען קליינע הייזער, אָרגאניזירן קליינע קלאסן, אָדער גאָר ניט האָבן קיין קלאסן, אויסשטאטן צימערן אויף א היימישן אופן, מיט פארהענגלאך אויף די פענסטער, געוויינטלאכע שטולן און טישלאך, א. ד. ג. דער לערער, מיט איין וואָרט, איז דער קולטור־רעלער פארטרעטער פון די אינטימסטע ווירקונגען אויפ'ן קינדס לעבן, און אין הסכם דערמיט ווערט אריינגעבראכט אין דער שול א פּראָגראם וואָס נעמט ארום שפּראך, געשיכטע, שפּיל, ארבעט, קונסט, און אנדערע טעטיקייטן און לימודים. דער לערער, מיט איין וואָרט, א דאנק זיין ספּעציעלער צוגעגרייטקייט, פירט דורך די קולטורעל־וויכטיקסטע פונקציעס וואָס זענען א נאַטירלאכע טייל פון מענטשלאכער עלטערנשאפט, און פונקט אזא נאַטיר־לאכע טייל פונ'ם דערציערישן פּראָצעס פון קינדער.

עס איז ניט שווער איינצוזען, אז דער דאָזיקער פּרינציפּ בנוגע דעם לערער איז מחייב אז אין יעדער נאָרמאלער דערציאונג דארפן קינדער און לערער געהערן צום זעלביקן פאָלק, און דאָס

פירט אונז שוין ממילא צו באַזונדערע שול־סיסטעמען פאַר באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, ווען א מלוכה באַשטייט פון מער ווי איין פאָלק. דאָס איז א פּרינציפּ וואָס ווערט איצט קאָנסעקווענט דורכגעפירט בלויז אין סאָוויעטן פאַרבאַנד, וואָס איז אָבער א אידעאַל אין דער גאַנצער פּראָגרעסיווער וועלט. אויף אַזאַ'ן אופן קומען מיר אויף א ריין־דערציערישן וועג צו א גרויסן געזעלשאַפטלאַכן אידעאַל, דעם אידעאַל פון קולטורעלער זעלבסטשטענדיקייט פאַר יעדן פאָלק, ווארים א באַזונדערע שול־סיסטעם הייסט שוין ממילא, אַז עס דאַרפן זיין באַזונדערע אָרגאַנען פאַר אַלע קולטורעלע פונקציעס.

אָט דער פאַקט וואָס פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלאַכע אידעאַלן און פּראָגרעסיווע שטרעבונגען אין דערציאונג קומען זיך צונויף, איז באַין אופן ניט קיין צופאַל, ווי עס איז שוין אָנגעמערקט געוואָרן. אָבער זאָל דאָס נאָכאַמאָל דינען ווי א באַווייז, אַז אָט דער צונויפפאַל קען זיכערער און קלאָרער ארויסגעבראַכט ווערן ערשט דעמאָלט ווען די ליניע אין דערציאונג איז א ריין־דערציערישע, ווען קיין שום זייטיקע אָריענטאַציע פירט אונז ניט אַראָפּ פון וועג.

אַלע גרויסע שול־רעפאָרמער האָבן כסדר געשאָנקען זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט די פראַגן וועגן שול־פּראָגראַם, לערן־מעטאָדן און דערציערישער פילאָזאָפיע. זיי האָבן זיך אָבער ווייניק וואָס פאַרטראַכט איבער דער לערער פראַגע וואָס דאַרף זיין א קאַרדינאַלע פראַגע אין דערציאונג. דאָס וואָס אָט די מענטשן געהערן צו די הערשנדיקע פעלקער פון דער וועלט האָט אויך א סך געהאָלפן אַז זיי זאָלן ניט קענען זען די לערער פראַגע אינ'ם ליכט ווי זי ווערט דאָ באַטראַכט. עס דאַרף דעריבער זיין אונזער חוב אונטערצושטרייכן די נייטיקע שייכות'ן צווישן לערער און קינדער וואָס יעדער נאָרמאַלער דערציערישער פּראָצעס פאָדערט, און אַרויסקשטעלן אונזער אידישע שול ווי א גערעכטע פאָדערונג ניט בלויז פון א נאַציאָנאַל געזעלשאַפטלאַכן שטאַנדפּונקט, נאָר אויך פון א פּראָגרעסיוו דערציערישן.

אין אידישן לעבן באַקומט די דאָזיקע פאָדערונג א גאַנץ ספּע־

ציעלן כאראקטער. ניט רעכענענדיק די אסימילירטע טיילן פון אונזער פאָלק, ווערט די אידישע וועלט צעטיילט אויף צוויי העלפטן, דער רעליגיעזער און דער וועלטלאכער. אויך בא אנדערע פעלקער הערשן ענלאכע צעטיילונגען, עס איז אָבער פאראן א געוואלטיקע נפקא מינה: דאָרטן איז דער רעליגיעזער מאָמענט דער הויפט חילוק צווישן דעם רעליגיעזן און וועלטלאכן לעבן. גאנץ אנדערש איז בא אונז. בא אונז איז דער אונטערשיד אזא טיפער און וויט־גרייכנדיקער, אז עס באקומט זיך שיעור ניט קיין צוויי באזונדערע קולטורן, דער רעליגיעזער איד האָט קיין שום שייכות ניט צו דער גאנצער אידישער ליטעראטור, קונסט און וויסנשאפט, וואָס זענען דאָס גרעסטע איצטיקע גייסטיקע פארמעגן פונ׳ם וועלטלאכן אידן. בעת בא אנדערע פעלקער איז, למשל, א גרויסער דיכטער א דיכטער פון גאנצן פאָלק און פארנעמט א פלאץ אין דער בילדונג פון אלע קינדער, איז בא אונז א גרויסער אידישער דיכטער בלויז א דיכטער פון אידיש־וועלטלאכער סביבה. אפילו אונזער אידישע שפראך איז אויך, אין א געוויסן זינען, בלויז די שפראך פון אידיש־וועלטלאכן לעבנס־שטייגער. ווארים באָטש אידיש איז טאקע די אומגאנג־שפראך, די איינציקע לעבעדיקע שפראך אין דער אידיש־רעליגיעזער וועלט, ווערט זי אָבער דאָרט ניט אנערקענט ווי א קולטור־אינסטרומענט און רופט ניט ארויס צו זיך קיין העכערע התחייבות׳ן און קיין באזונדערע באציאונג וואָס א שפראך דארף האָבן כדי איר אנטוויקלונג זאָל אָנגיין אויף א געהעריקן אופן.

ווען דער חילוק צווישן צוויי טיילן פון א פאָלק רירט אָן אזעלכע עלעמענטארע קולטור־ווערטן — שוין ניט רעדנדיק וועגן אלע איבעריקע אונטערשידן וואָס רירן אָן דעם סאמע לעבנס־שטייגער — איז שוין טאקע שווער צו שאפן אן איינהייטלאכע דערציאונג אינסטיטוציע פאר זייערע קינדער. אויף יענער זייט ים, באלד נאָך דער מלחמה, איז דאָס געווען א ביטערע פראקטישע פראגע. ווארים ווען עס וואָלט געווען אן איינהייטלאכע אידישע שול, וואָלט אפשר ניט שווער געווען צו פועל׳ן בא דער מאכט זי צו סובסידירן, אָדער ווען עס זענען געוואָרן עטלאכע

אידישע שול־ארגאניזאציעס, און יעדער האָט באַזונדער געפאָדערט סובסידיעס, איז לייכטער געוועזן פאר דער רעגירונג צו געפינען אן אויסוועג און זיי אַלעמען אָפּזאָגן. איינער פון אונזערע שול־טוער און טעאָרעטיקער האָט אפילו פּרובירט שאַפן אַ פּראָגראַם פאר אן איינהייטלאכער שול (יודל מארק: איינהייטלאכע פאָלק־שול, קאָוונע, 1922), אָבער די פּראָגראַם איז טעאָרעטיש ניט געלונגען, און פּאַקטיש צו קיין זאך ניט געפירט. און ווי מיר דוכט האָט דער רעזולטאַט גאָר קיין אנדערער ניט געקענט זיין. באַזונדערע פעלקער, אפילו וואו עס עקזיסטירט צוואַנג־בילדונג — און זי ווערט גוט דורכגעפירט — זענען אויך ניט פאראן קיין איינהייטלאכע שולן פאר גרופּעס וואָס צווישן זייערע לעבנס־ארטן איז פאראן א טיפער תהום, אין אמעריקע, למשל, האָבן די קאטאָליקן באַזונדערע שולן פאר זייערע קינדער וואָס זיי האלטן אויס אויף זייער אייגענעם חשבון.

— עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ אידיש־וועלטלאַכע שול. וואָרים בלויז אַזאַ שול קען קולטורעל פאַרטרעטן דאָס בעסטע פון דער אידיש־וועלטלאַכער היים און פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה בכלל. און דאָס אַלץ קען בלויז דורכגעפירט ווערן פון מענטשן — לערער — וואָס די דאָזיקע דערציענדיקע מאָמענטן זענען זייער אייגן לעבן און זייער פערזענלאַכקייט. זיי דאַרפן זיך באַזונדערס אויס־צייכענען מיט דער פייאיקייט אויפצוכאַפּן די נויטן פון די קינ־דער, וואָס שטאַמען פון דעם, וואָס זיי וואקסן אין דער אידיש־וועלטלאכער סביבה, און געפינען די מיטלען זיין צו באפרידיקן. אזוי קומט אויס, אז בעת מיר גייען אויפ'ן ריין־פּעדאגאָגישן וועג, קומען מיר צו צוויי פונדאמענטאַלע גרונט־פּרינציפּן: אַ אידיש־וועלטלאכע שול פאַר דער אידיש־וועלטלאכער סביבה, און אַ אידיש־וועלטלאַכער לערער פאַר דער אידיש־וועלטלאכער שול.

פון דעם שטאנדפּונקט פאלן אַוועק אַלע פארזוכן אָפּצופרעגן די עצם־עקזיסטענץ פון דער מאָדערנער אידישער שול, ניט גע־קוקט אויף די פארשידענע אומנאָרמאַלע און קרענקלאַכע זייטן פון אידישן לעבן. אַלע פראגן בנוגע דער צוקונפט פון אידיש —

כאָטש זייער וויכטיקע פראַגן פון א אידיש־געזעלשאפטלאכן שטאַנדפונקט — האָבן אָבער פשוט קיין דירעקטע שייכות ניט צו דער אידישער שול. א ש ו ל ד א ר ף ב ל ו י ז פ א ר־ ט ר ע ט ן ד אָ ס ל ע ב ן ו ו אָ ס ל ע ב ט א ו ן ז אָ ל ן ד י ד ע ר ו ו א ק ס ע נ ע ז י ך ז אָ ר ג ן ו ו ע ג ן ד ע ר צ ו ק ו נ פ ט. פאַרשטייט זיך, אז א גוטע דערציאונג־סיסטעם טוט אויף א סך פאר דער צוקונפט, אָבער ווידער אמאָל, דאָס דאַרף זיין א פועל־יוצא און ניט קיין סיבה פון שול־ארבעט.

עס איז זיכער ניט פאַראַן קיין איין שיכט אין אידישן פאָלק, וואָס דאַרף אזוי ווי מיר זיין פאַראינטערעסירט ,בלוטיק פאר־ אינטערעסירט, אין די פראַגן וועגן דער צוקונפט פון אידיש און פון דער אידיש־וועלטלאכער סביבה בכלל, מיט איר גאנצן קול־ טורעלן באַגאַזש, וועלכן איך האָב פריער אויסגערעכנט. דאָס האָט אָבער גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט דעם פאַקט, וואָס אונזערע קינדער זענען · א ו נ ז ע ר ע, און אָט די „אונזערקייט" דאַרף זיין א פאַקט אין זייער דערציאונג פונקט ווי זי איז א פאַקט אין זייער לעבן. דער דאָזיקער פאַקט — אויסגעטייטשט אין ליכט פון מאָדערנע פרינציפּן פון דערציאונג — שטעלט פעסט אין אלגעמיינע שטריכן אי די פּראָגראַם, אי דעם גייסט פון דער אידיש־וועלטלאכער שול.

## 5

## די באַדינגונגען אין אמעריקע.

עס איז שווין א סך מאָל אויסגעקומען צו הערן סיי פון נאַ־ ציאָנאַליסטישן און סיי פון סאָציאַליסטישן לאַגער אַז דאָ, אין אַמעריקע, קענען מיר זיך ניט צערעמאָניען מיט פעדאַגאָגישע פּרינציפּן. וואָרים איידער וואָס־ווען וועט אונז דער אַמעריקאַנער וואָלף איינגאַנצן פאַרצוקן, אָדער, איידער וואָס־ווען וועלן דאָ אונ־ זערע קינדער איינזאַפּן אין זיך אַזאַ בליק אויפ'ן לעבן אַז יעדער

קאמף פאר סאָציאַלער געערכטיקייט וועט אין זייערע אויגן אויס־
קוקן ווילד און אומגעלומפערט. דעריבער, הייסט עס, צו וואָס
זיך צערעמאָניען? לאָמיר דירעקט צוגיין צום ענין, לאָמיר גיין
מיט כוח ווען דער שכל איז צו פאמעלאך. דערציערישע פרינ־
ציפן, קומט אויס, זענען א מין לוקסוס ארטיקל. אויב אַלץ איז
גוט און פיין, איז מהיכא תיתא, אבער ווען מיר זענען ארומגע־
רינגלט מיט געפאַרן איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאר אזעלכע צו־איידעלע
ענינים. דאָס דערמאָנט מיך אָן די וואָס ווענדן אָן באבסקע
רפואות, אָדער „פסיכישע" קונצן באַם היילן אַ חולה. מעדיצין,
הייסט עס, קען בלויז אָפּהיטן א געזונטן פון קראַנק ווערן, אָבער
ווען מיר האָבן צו טאָן מיט א חולה מסוכן איז דאָס בעסטע אָנ־
צואווענדן דירעקטע מיטלען, רייסן קברים, אָדער ענלאכע מיטלען,
אָבער ניט צערעמאָניען זיך מיט וויסנשאַפט.

עס איז באמת אומאַנגענעם אַז מען זאָל נאָך היינטיקע
צייטן דאַרפן הערן אזא פאַלשן בליק אויף וויסנשאַפט. דער
צוועק פון יעדער וויסנשאַפט איז אויסצוגעפינען די
מיטלען וואָס קענען אַרויסברענגען די
בעסטע און שנעלסטע רעזולטאטן אונטער
געוויסע אומשטענדן. אויב פראָפּאגאנדע, למשל,
וואָלט אַרויסגעבראַכט גוטע דערציערישע רעזולטאטן, דעמאָלט
וואָלט פּראָפּאַגאַנדע געוואָרן א וויסנשאַפטלאכער דערציערישער
פּרינציפּ, און קיין שום געמורמל פון „איידעלע פיין־שמעקער"
וואָלט דאָ גאָר ניט געהאָלפן. ווען מען זאָגט, למשל, אַז אַ געוויסע
טעטיקייט איז אַנטי־פּעדאַגאָגיש און דאָך איז זי נייטיק, הייסט
עס אַז זי איז ניט נייטיק פאַר דערציאונג נאָר פאר עפּעס אַנ־
דערש. ווען מען האָט, למשל, אין דער צייט פון דער מלחמה,
פארשפּרייט צווישן די קינדער א גיפטיקן האַס אַנטקעגן מענטשן
וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געזען, און צוליב טעמים וואָס זענען
אָדער געווען ליגן אָדער אומפארשטענדלאך פאר זיי, ווען מען
האָט דאָס געטאָן, איז דאָס ניט געווען צוליב דערציאונג, נאָר
ווייל מען האָט געהאַלטן אַז אַזוי פאָדערן די אינטערעסן פון לאַנד.
די קינדער זענען דעמאָלט באַנוצט געוואָרן ווי טויטע אינסטרו־

מענטן, ווי מאַשינען אויף צו פאַרשפּרייטן גיפטיקע גאַזן אַנטקעגן דעם שונא. דאָס איינציקע גליק פון דער דאָזיקער אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי איז געווען בלויז אַ צייטווייליק פאַר־ברעך, און איר ווירקונג איז דעריבער געווען צו שוואַך צו פאַר־סמ'ען די קינדער אויפ'ן גאַנצן לעבן. און פאַרברעכעריש איז גע־ווען די דאָזיקע אַרבעט ניט דערפאַר ווייל זי האָט פאַרקערפּערט שלעכטע געדאַנקען, נאָר ווייל די קינדער זענען באַנוצט געוואָרן ווי טויטע אינסטרומענטן פאַר צוועקן וועלכע זיי זענען ניט ביכולת אויפצונעמען אין זייער אייגענעם לעבן.

אָט דערין איז באַשטאַנען די אַנטי־פּעדאַגאָגישקייט. אַנטי־פּעדאַגאָגיש איז דער קעגנזאַץ פון וואוקס, פון לאַנגזאַמער פּסי־כישער אַנטוויקלונג. רוסאָ זאָגט, אַז די אויפגאַבע פון דער־ציאונג איז ניט צו געווינען צייט נאָר פאַרלירן צייט, און דערין שטעקט אַ גרויסער אמת. ווען מען וויל מיט דערוואַקסענע צוועקן צוטרייבן די אַנטוויקלונג פון קינדער איז פּונקט ווי מען זאָל אַריינשטופּן קעצלאַך אין בויך פון אַ קאַץ, כדי זי זאָל וואָס גי־כער האָבן קינדער, און ניט דאַרפן וואַרטן ביז פון אַן איינציקער צעל זאָל זיך אַנטוויקלען אַ קאָמפּליצירט באַשעפעניש. און פּונקט ווי די קאַץ וואָלט געשטאָרבן פון אַזאַ אָפּעראַציע, אַזוי וואָלט אויך געווען אָך און וויי צום נאַציאָנאַליזם, סאָציאַליזם, אָדער יעדן אַנדערן „יזם" אין דער שול, ווען ער זאָל כסדר אין זינען האָבן זיך גיכער ווי די קינדער.

נאַציאָנאַלע קולטור און סאָציאַלע גערעכטיקייט פאַרמאָגן אין זיך די גרויסע אידעאַלן וואָס זענען דער דם התמצית פון דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה. ווען מיר זאָלן געבן אונזערע קינדער די בעסטע דערציאונג וואָס מיר קענען וואָלטן זיי דאָך ממילא — ניט רעכענענדיק קיין מעגלאַכע קעגנערישע ווירקונגען וועל־כע אונזער גרעסטע אָנשטרענגונג וואָלט ניט געקענט באַזיגן — געבראַכט געוואָרן דערצו, אַז די דאָזיקע אידעאַלן זאָלן אויך זיין לייכט־טורעמס אין זייער לעבן. אָבער געוויסע אַמעריקאַנער באַדינגונגען, לאָמיר דאָס ניט אָפּלייקענען, באַקעמפן אפילו די

עלעמענטאַרסטע דערציערישע נויטן פון אונזערע קינדער. וואָס זשע קענען מיר טאָן?

קודם כל דאַרף מען פאַרשטיין די לאַגע. אונזערע קינדער לעבן דאָ, ערשטנס, אין דער אַמעריקאַנער וועלט מיט איר רייכער קולטור, מיט אַ לעבן וואָס פאַרמאָגט אומגעהייער גרויסע מעלות. פון דער צווייטער זייט רינגלט זיי אַרום אַן אינטים קולטור־געוועב, די אידיש־וועלטלאַכע סביבה, מיט אירע פאַרשידענע אייגנאַרטיקייטן. וואָלט די דערציאונג פון די קינדער געלעגן אינגאַנצן אין אונזערע הענט, וואָלט געווען אונזער חוב צו בויען אַמעריקאַניש־אידישע שולן, וואו ביידע קולטורן און ביידע לעבנס־אַרטן וואָלטן זיך צונויפגעשמאָלצן אין אַ נאַטירלאַכער און פילפאַרביקער גאַנצקייט. דאָס וואָלט געווען די נאָרמאַלסטע און געזונדסטע דערציאונג פאַר אונזערע קינדער.

צום אומגליק איז דאָס ניט אַזוי. די אַמעריקאַנער סקול איז ניט בלויז אַ דערציאונג אינסטיטוציע, נאָר אויך — אָפט אין דער ערשטער שורה — אַ פּאָליטישע. דאָס איז די פּאָליטיק פון׳ם „שמעלצטאָפּ״, דאָס איז די אַנטי־קולטורעלע און אַנטי־דערציערישע שטרעבונג אויסצואוואָרצלען יעדע אייגנאַרטיקע היסטאָרישע שפּראָצונג פון די נאַציאָנאַליטעטן וואָס לעבן דאָ, איגנאָרירנדיק אינגאַנצן די גרויסע דערציערישע מעגלאַכקייטן וואָס זיי פאַרמאָגן און וואָס וואָלטן געדאַרפט זיין נאָענט צום הארצן פון יעדער אמת׳ער דערציאונג אינסטיטוציע. אַזוי קומט אויס, אַז די פּאָבליק סקול האָט — אין בעסטן פאַל — בלויז אַ שייכות צו אונזערע קינדער אויף וויפיל זיי לעבן אין אמעריקע. אָבער די פּערזענלאַכקייט פון די קינדער ווערט דאָך ניט ווינציקער פאָרמירט אין זייער אינטימער, היימישער סביבה. אין דער היים איז דאָך יעדעס ווינקעלע, אַלע מנהגים, זיטן, לעבנס־אַרטן, שפּראַך, א. אַ. וו. אַלץ איז דאָך פּאָלקלאָר, געשיכטע, זאַמלונגען פון גרויסע געזעלשאַפטלאַכע איבערלעבונגען און אידעאַלן — זאָלן אונזערע קינדער בלייבן אָן יעדן באַגריף פון זייער זינען, אָן יעדן באַשייד פאַר די דאָזיקע וויכטיקע מאָמענטן וואָס רייסן

זיך סיי ווי בלינדערהייט אריין אינ'ם געוועב פון זייער אנט־וויקלונג?

פון א דערציערישן שטאנדפונקט איז דאָך דאָס פשוט ניט צו פארשטיין. ווי קען מען איגנאָרירן דעם פּאָזיטיוון מאָראלן ווערט וואָס דאָס אלץ קען האָבן אויף דער אנטוויקלונג פון א קינד? ווי קען מען דערלאָזן אז דאָס קינד זאָל בלייבן בלינד און טויב צו א וועלט וואָס האלט אים כסדר בא דער האנט און פירט אים אויף די וועגן פון לעבן? ווי קען א דערציעריש גע־וויסן שווייגן בעת אזא שרעקלאכער מאָראלער קלאפּ לאָזט זיך אראפּ אויף די קעפּ פון אונזערע קינדער? אָבער, ווי געזאָגט, פאר דער פּאָבליק סקול שטייען ניט אזעלכע פראגן, ווייל זי האָט א חוץ אלעם אויך פּאָליטישע צוועקן, כאָטש פאר אונז וואָלט זיכער געשטאנען די פראגע פון אמעריקאנער קולטור־לעבן, ווען די דערציאונג פון די קינדער וואָלט אינגאנצן געווען אָפּ־הענגיק אָן אונז.

אויב מיר קענען ניט שאפן קיין צונויפגעשמאָלצענע אידיש־ענגלישע שול — כאָטש דאָס דארף תמיד זיין אונזער שטרע־בונג — זענען מיר געצוואונגען צו דערפילן אונזער מאָראלן און דערציערישן חוב צו אונזערע קינדער דורך בויען נאָכמיטאג־שולן וואו יענע טייל פון זייער פּערזענלאכקייט וואָס ציט איר יניקה פון דער אינטימער, אידיש־וועלטלאכער סביבה, זאָל האָבן א מעגלאכקייט צו וואקסן און זיך אנטוויקלען. דאָס איז א גרויסע, הייליקע ארבעט וואָס דארף באגייסטערן דאָס הארץ און שטארקן די האנט וואָס טוט זי. און די דאָזיקע באגייסטע־רונג דארף בא אונז אויף א האָר ניט שוואכער ווערן צוליב די נאַטירלאכע פיינלאכע ספקות וועגן דער צוקונפט פון אידיש און דעם גאנצן אידישן לעבן אין אמעריקע, ווייל אונזער שול דארף קודם כל שפּילן איר גרעסטע ראָלע אין דער געזונטער דער־ציאונג פון די קינדער וואָס וואקסן שוין איצט פאר אונזערע אויגן, אומאָפּהענגיק פון די גרויסע נאציאָנאל־היסטאָרישע פּראָ־געם וועגן אונזער צוקונפט. עס איז נאָך, למשל, קיינעם ניט איינגעפאלן צו צווייפלען צי מען דארף לערנען וויסנשאפט מיט

קינדער, מחמת מען ווייס ניט וואָס די צוקונפט וועט ברענגען. וואָרים עס טרעפט גאַנץ אָפט, אז וויסנשאַפטלאַכע פּרינציפּן, וואָס מען גיט היינט איבער קינדער ווי זיכערע אמת'ן, ווערן שפּעטער פאַרוואָרפן און אויסגעלאַכט. ווי האָט מען, למשל, געקענט אמאָל לערנען אַז אַן אַטאָם איז דאָס קלענסטע טיילכל מאַטעריע בעת היינט ווייס שוין אפילו א קינד אין וויג אז דאָס איז ניט אמת?

פונדעסטוועגן פאַרשטייט דאָך יעדער בר דעת, אז דער אינ־פאָרמאַטיווער און דערציערישער ווערט פון איצט־אָנגענומענע וויסנשאַפטלאַכע אמת'ן איז געוואַלטיק גרויס, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די צוקונפט וועט ברענגען. און אויב דאָס איז אמת וועגן וויסנשאַפטלאַכע פּרינציפּן איז עס נאָך טויזנט מאָל אמת'ער בנוגע דעם אונגעהייערן מאָראַלן און דערציערישן ווערט פון דער אידישער שפּראַך וואָס איז דער אָנגעזעענסטער סימבאָל פון'ם קינדס אינטימסטער סביבה, וואָס באַלעבט אָט די סביבה מיט אירע שאַפנדיקע קוואַלן, און וואָס פאַרבינדט די גאַנצע אידיש־וועלטלאַכע געזעלשאַפט פון אלע לענדער. דער וואָס בויט אונזער שול בלויז אויף באַטראַכטונגען פון עפּעס א צוקונפט מוז אריינ־ברענגען אין זיין ארבעט א קרענקלאַכע נערוועזקייט, וואָס שטאַמט פון אונזער ספּעציעלער לאַגע אין דער וועלט בכלל און אין אמעריקע בפרט. און דאָס קען בלויז אָנטאָן שאָדן. צוקונפט פּראָבלעמען, בפרט נאָך א ו נ ז ע ר ע אנגעווייטאָגטע צוקונפט פּראָבלעמען, דאַרפן תמיד זיין די טיפע זאָרג פון דער טעאָריע און פּראַקטיק פון אַל־געמיינע געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונגען. לאָמיר אָבער באַפרייען די שול־ארבעט פון דעם דאָזיקן שווארצן שאָטן, וואָס האָט צו איר — אין בעסטן פאַל — בלויז אַן אומדירעקטע שייכות.

און ווייל אונזער שול איז אַן איצטיקע נויט פאַר אונזערע קינדער דאַרפן מיר זען אז זי זאָל ניט זיין אָפּגעריסן פון אמע־ריקאַנער לעבן פונקט ווי אונזערע קינדער זענען עס ניט און טאָרן עס ניט זיין. דאָס איז אויך מחייב אז די לערער פון אונזערע שולן, כאָטש בלוט און פלייש פון דער אידיש וועלט־לאַכער סביבה, טאָרן אָבער ניט זיין דערווייטערט פון דער אַל־געמיינער אמעריקאַנער ראַם אין וועלכער אונזער לעבן איז דאָ

איינגעפּאַסט. דאָס אידיש־וועלטלאַכע און דאָס אַמעריקאַנישע זענען ניט און טאָרן ניט זיין קיין סתירה, און דער לערער דאַרף עס מיט זיין לעבן און מיט זיין וויסן צום בעסטן דערווייזן.

און ווייל מיר בויען אונזער שול אויף פּראָגרעסיווע דער־ציערישע פּרינציפּן — וואָס זענען ממילא כולל אין זיך די בעסטע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון — קומען מיר שוין נאַטירלאַך דערצו אז דער נאָמען „מאָדערנע אידישע שול" זאָל ברייטער און טיפער אויסגעטייטשט ווערן. ניט בלויז מאָדערן אין זינען פון וועלטלאַכקייט, נאָר אויך אין זינען פון דערציערישער פּראָגרע־סיווקייט. אונזער שול דאַרף אויסנוצן דאָס בעסטע פון'ם מאָ־דערנעם דערציערישן געדאַנק אויף וויפיל אירע אָרימע מעגלאַכ־קייטן דערלויבן עס נאָר. אונזער שול, ווי זי זעט איצט אויס, האָט זיכער גרויסע חסרונות און קיינער פילט עס ניט אזוי טיף ווי די וואָס אַרבעטן אין איר. דאָס וואָס די גאַנצע אינסטיטוציע איז נאָך ניי, און דערצו נאָך אונזער שרעקלאַכע אָרימקייט, ווייל מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן צו אָרגאַניזירן די אידיש־וועלטלאַכע סביבה אַרום דעם שול־וועזן, דאָס אַלץ איז אַ שרעקלאַכער אבן נגף אויף אונזער וועג. נאָר כאָטש דער וועג איז שווער איז אָבער די ריכטונג קלאָר: אַ מאָדערנע אידישע שול פאַר די קינ־דער פון דער אידיש־וועלטלאַכער סביבה.